# מאָנטרעאל פון נעכטען

זוי דאָס אידישע לעבען אין מאָנטרעאל
האָט זיך אַנטוויקעלט געזעלשאַפטליך,
עקאָנאָמיש און קולטורעל אין די
לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהר

פון י. מדרש

„קענעדער אדלער" דרוקעריי — מאָנטרעאל—1947

PRINTED IN CANADA

# אַ וואָרט

דאָס בוך „מאָנטרעאל פון נעכטען“ פון י. מדרש נעהמט דעם לייענער אונטערן אָרעם און געהט מיט איהם אויף אַ ווייל אַוועק אין די גאַסען פון זיין, דעם לייענערס, אייגענער וועלט פון וועלכער ער האָט זיך אין תוך נאָך נישט אינגאַנצען אָפּגעשיידט. אויב ער לעבט זיך נישט אויס אינגאַנצען אין איהר, לעבט זי, די וועלט פון נעכטען, דאָס „מאָנטרעאל פון נעכטען“ אין איהם. די „זכרונות“ פון דעם אידישען מאָנטרעאל זיינען אַ שטיק לעבעדיג געשיכטליך אייגענטום זיינס און דער מחבר פון בוך, דער זשורנאַליסט און פעליטאָניסט י. מדרש — אַ מענש וואָס שטעהט ביים האַסטיג־זיך־דרעהענדיגען ראָד פון וועלכען עס וויקלען זיך אָפּ, טאָג נאָך טאָג, די נאָך פרישע, פייכטליכע בלעטלאָך לעבעדיגע געשיכטע, לייגען זיך אוועק איינע אויף די אַנדערע און קלייבען זיך אָן אין גאַנצע הויפענס, און ווערען דאָס וואַרטענדיגע מאַטעריאַל פאַר'ן מאָרגענדיגען היסטאָריקער.

מדרש האָט די דאָזיגע בלעטלאָך אויפגעוועקט אינמיטען זייער וואַרטען און האָט אויף אַ מאָמענט געעפענט פאַר'ן לייענער אַ פענסטערעל, נאָר אַ שמאָל פענסטערעל טאַקע — ער זאָל אַריינקוקען אין זיין נעכטען, ער זאָל זיך דערמאָנען אַז ערשט ניט לאַנג איז ער געווען אַ לחלוטין אַנדערער, ווי ער איז איצט; אַז ערשט ניט לאַנג האָט ער נאָך אויף זיך געטראָגען דעם חותם פון זיין אַלטער היים און האָט אויך גענומען אַרויפציהען אויף זיך דעם שטעמפּעל פון אַ נייער וועלט אין וועלכער ער האָט זיך שוין גענומען ביסלאַכווייז אַריינוואַקסען.

כאָטש י. מדרש גיט איבער אויף זעהר אַ זאַכליכען און קאָנקרעטען אופן די געשעהענישען פון נעכטען, דערפיהלט מען, וואָס ווייטער מען לייענט זיך אריין אין די קאַפּיטלען ווי עס ווייעט אָן אויף אייך אַ שטימונג פון געזעגענען זיך מיט אַ צייט וואָס וועט זיך שוין מעהר ניט אומקערען. און די צייט וואָס שיידט זיך אָפּ און טיילט זיך אָפּ פון אייך, נעמט אויך מיט אַ גאַנצע וועלט, אַ וועלט וואָס האָט פאַרמאָגט איהר באַזונדערע שעהנקייט און חן, איהר פיאָנערישען אידעאַליזם, איהר גייסטיגען וואַקסען, איהר אויפנעהמען נייע אידייען און איהר אויסלעבען זיך אין אַזעלכע אין־זיך זינגענדיגע האָפנונגען, וואָס האָבען שוין געהאַלטען אָט־אָט ביים מקוים־ווערען. דאָס איז געווען אַ צייט איבער וועלכער עס האָט געפלאַטערט אַ פליגעל פון חלום, כאָטש מען איז, ווי אימיגראַנטען, אַריינגעפאַלען אין סאַמע מיט און קאָך פון זעהר אַ קאָנקרעטער אַמעריקאַנישער ווירקלעכקייט.

אין אַנגעזיכט פון דער היינטיגער צייט, וואָס איז אַזוי האַרט־ביי־דער־ערד רעאַליסטיש, ממש „נאַטוראַליסטיש" הויבען טאַקע אָן אויסזעהן די דערמאָנונגען פון נעכטען אין י. מדרש'עס בוך, ווי אַ האַלב־פאַר'חלום'טע געשיכטע, און ניט ווי געשיכטע. איך האָב אַ חשד, אַז דער מחבר פון „מאַנטרעאל פון נעכטען" האָט טאַקע געהאַט אַ כוונה מיר זאָלען זיך אויסקערעווען מיט'ן פנים צום שפיגעל פון אונזער נעכטען און אַ קוק־טאָן אויף זיך און אַביסעל צוטומעלט ווערען און זיך אויפ'ן ערשטען מאָמענט נישט דערקענען אינגאַנצען. און אפשר האָט גאָר י. מדרש אויך געהאַט במחשבה, מיר זאָלען אין די בילדער און געשעהענישען פון „מאַנטרעאל פון נעכטען" שטילען אונזער היינטיג איבערגערודערט, צעהאַסטיגט און צעהיצט געמיט. דאָרטען, אין יענע טעג, יענע גאַסען, יענע פאַסירונגען שלאָגט אַ רוהיגערער פולס. דאָרט לעבט דאָס אידישע לעבען דורך דעם אָנהויב פון אַ ניי קאַפיטעל געשיכטע. דאָרט זעהט מען נאָך אַרוים פון צווישן דער מענגע דעם יחיד מען הערט זיין קול, מען זעהט ווי ער טיילט זיך אויס און געהט אַרויף אויף זיין מדרגה.

י. מדרש האָט ניט בדעה געהאַט צו שרייבען קיין געשיכטע, נאָר פשוט מישען פאַר אונז די מאַטעריאַלען מיט וועלכע דער שפּעטערדיגער געשיכטע שרייבער וועט זיך באַנוצען. ער איז זיך מקדים און איז מסדר אַביסעל די צעוואָרפענע בלעטער, דערביי גיט ער צו וואו ניט וואו אָן אינטים וואָרט, אַ בילדערישע שילדערונג וואָס וואַרפט אויף די געשעהענישען אַ לעבעדיגען ליכט.

י. י. סיגאל

# דער אידישער געגענד

אין די לעצטע עטליכע צענדליג יאהר זענען פארגעקומען גרויסע ענדערונגען אין מאנטרעאל. עס האט זיך געביטען כמעט דאס גאנצע אויסזעהן פון דער שטאט. מאנטרעאל האט, מיט ארום פערציג יאהר צוריק, אויסגעזעהן ווי א קליין שטעטעל לגבי ווי זי איז היינט.

דארט וואו עס איז אמאל געווען „אויסערן שטאט" ציהען זיך איצט לאנגע גאסען, פראכטפולע בולווארען, מיט מאדערנע אפארטמענט - געביידעס, גרויסע פאבריקען און דעפארטמענט סטארס. מאנטרעאל איז געווארען איינע פון די וויכטיגסטע שטעט אויפ'ן צפון - אמעריקאנעם קאנטינענט.

אין דעם זעלביגען פעריאד האט זיך דאס אידישע לעבען אין מאנטרעאל פונדאמענטאל געביטען. עס האט זיך געביטען דער גאנצער אויסזעהן — דער פיזישער און גייסטיגער — פון דער אידישער באפעלקערונג. דאס אידישע לעבען האט זיך אין דער דאזיגער צייט געביטען סיי גזעלשאפטליך, סיי עקאָ־נאמיש, סיי קולטורעל.

אויך דעמאלט האט זיך גערוישט א אידיש לעבען אין מאנטרעאל, אבער ניט אזוי ווי היינט. עס זענען געווען אנדערע פראבלעמען, אנדערע אויפפאסונגען וועגען אידיש לעבען און וועגען לעבען בכלל; עס זענען געווען אנדערע באציאונגען צו געזעלשאפטליכע טעטיגקייטען, אנדערע גשמאקען פאר קולטור, ליטעראטור און טעאטער. עס איז געווען א גליקליכע פעריאדע, ווען מענשען האבען ניט געוואוסט וואס עס מיינט א וועלט־מלחמה און וואס עס באדייט א קאנצענטראציע־לאגער און א געז־קאמער. די אידען פון יענער צייט האבען זיך ניט געקאנט פארשטעלען, אז עס רוקט זיך א וועלט־מלחמה, א היטלעריזם און א צווייטע וועלט־מלחמה, וואס וועט פארניכטען א גרויסען טייל פון אידישען פאלק און וועט אפווישען דאס איינגעפונדעוועטע טראדיציאנעלע אידישע פאלקס־לעבען אין אייראפא. עס איז וויכטיג צו מאכען א שפאציר אין דער אמאליגער מאנטרעאל, דורכשפאצירען דעם אידישען געגענד פון יענער צייט, זיך באקענען מיט דעם לעבען פון די אימיגראנטישע אידען, מיט זייערע פראבלעמען, שטרעבונגען און אמביציעס פון יענער צייט, פון דער ניט־לאנגער פארגאנגענהייט.

ווען מיר ווילען נעהמען א שפאציר אין דעם אידישען געגענד פון מאנטרעאל מיט ארום פערציג יאהר צוריק, מוזען מיר ארונטערגעהן דאון־טאון און אריינגעהן אין אזעלכע גאסען און געסעלאך, וואו מען זעהט איצט זעהר ווייניג אידען.

לאמיר אריינגעהן אין דארטשעסטער סטריט. מיט ארום פערציג יאהר צוריק האט דארט געזשוועט מיט אידיש לעבען. קארנער סט. אורביין און דארטשעסטער, קאן מען זאגען, איז געווען דאס סאמע הארץ פון אידישען געגענד. דארט דערביי איז געווען דער „דאפרעין פארק", וואס איז דאן געווען א „אידישער פארק".

אימיגראַנטישע אידען פלעגען דאָרט קומען שעפּען פרישע לופט, זיך טרעפען מיט לאַנדסלייט, הערען די לעצטע נייעס, זוכען אַ „דזשאָב'', לייענען אַ צייטונג און אַזוי ווייטער.

דאָרט דערביי איז אויך געווען די דאַפרעין סקול, וואו אימיגראַנטישע אידישע קינדער פלעגען זיך אויסצייכענען און קריגען די בעסטע „מאַרקס''. פילע באַלעבאַטים וועלען זיך דערמאַנען, אַז זיי האָבען געלערנט אין יענער סקול.

דאָרט, אין יענעם געגענד, אויף סט. אורביין, נעבען לאַגאָשאַטיער, איז געווען די תלמוד־תורה — דער ערשטער וויכטיגער אַנשטאַלט פאַר אידישער ערציאונג, וואָס אימיגראַנטישע אידען האָבען אויסגעבויט. פאַר אַ לאַנגע צייט איז עס געווען די איינציגע אידישע ערציאונגס־אינסטיטוציע. מיט אַרום פערציג יאָהר צוריק זענען נים געווען פיל אידישע־קינדער אין מאָנטרעאל. אַ היבשע צאָל אידען האָט זייערע קינדער — ווי אויך זייערע פרויען — נאָך געהאַט אין די לענדער אויף יענער זייט ים. דאָ אין מאָנטרעאל האָבען זיי געלעבט אליין, אַלס „באָרדערס'', און געזאַמעלט אַ דאָלאר צו אַ דאָלאר פאַר שיפסקאַרטען צו ברענגען זייערע פאַמיליעס צו זיך.

שפּאַצירענדיג אין דעם אידישען געגענד — לאָמיר אַרונטערגעהן נעהענטער צו קרעיג סטריט. אַלע גאַסען און געסלאַך, ווי סט. אורביין, קלאַרק (דעמאָלט טשאַרלס־ברום), סט. דזשאָרדזש, קאַטי, סט. הערמעין, סט. דאָמיניק און קעדיו זענען געווען באַוואוינט דורכאויס פון אידען. אידען האָבען געוואוינט אויך אויף דער אַנדערער זייט פון קרעיג סטריט — אויף נאָטרע דעים סטריט, סט. מאָריס סטריט, דופרע לעין, נעבען דעם היי־מאַרקעט. היינט זענען דאָרט כמעט קיין אידען ניטאָ.

עס זענען געווען אידישע גאַסען אויך „אַפּ־טאַון''. דער „אַפּ־טאַון'' איז געווען צווישען דאָרטשעסטער און אַרויף צו אָנטעריאָ און ביי דולוטה סטריט. די רייכערע אידען האָבען געוואוינט אויף פרינץ אַרטור סטריט, אָנטעריאָ סטריט און די אַרומיגע גאַסען. אַ קליינע גרופּע פון גאָר רייכע אידען האָט געוואוינט אויף שערברוק סטריט, אַרום יוניווערסיטי און מעקגיל קאָלעדזש עוועניו.

עס זענען געווען עטליכע וויכטיגע שוהלען אין סאַמע האַרץ פון אידישען געגענד. עס איז געווען די רומעניש שוהל (בית דוד) אויף שענעוויל סטריט, נעבען דעם דאַפרין פאַרק. אויף סט. אורביין סטריט, נעבען סט. קעטהרין, איז געווען די חברה־קדישא שוהל; אויף קעדיו, נעבען ווייטער סטריט, איז געווען די רוסישע שוהל (בני יעקב); אויף לאַגאָשאַטיער סטריט, נעבען קאַטי, איז געווען די חברה ש''ס שוהל. איינע פון די אַלטע געבליבענע שוהלען פון יענער צייט איז די עסטרייכישע שוהל אויף מילטאָן סטריט.

אידישע אַרבייטער האָבען דאַן געאַרבייט אין די שניידער־שעפּער און קלאוק־שעפּער, וועלכע זענען געווען מעהרסטענס אין דעם געגענד פון נאָטרע דעים און סט. פּאָול סטריט. די „אַרויפגעאַרבייטע'' אידען אין יענער צייט זענען געווען מעהרסטענס סטאָר־אייגענטימער אויף נאָטרע דעים סטריט, קרעיג סטריט און

מייז סטריט, צווישען קרעיג און שערברוק. די סטאָר־אייגענטימער זענען געווען די ערשטע „אויסצוגרינען'' זיך, דערפאַר ווייל זיי פלעגען דאַרפען האַנדלען יעדען טאָג מיט ניט־אידישע קאַסטימער, איז געווען נויטיג, אַז זיי זאָלען וואָס גיכער זיך אויסלערנען די שפּראַך פון לאַנד.

„יעדען שבת נאָכמיטאָג פלעגט מען זעהן ווי אייגוואוינער פון אידישען געגענד שפּאַצירען צום „דאַפרעין פּאַרק''.

דאָרט האָבען „לאַנדסלייט'' זיך באַגעגענט איינע מיט די אַנדערע, מען האָט גערעדט וועגען דער אַלטער היים און דעם נייעם לאַנד. די אימיגראַנטען, וועלכע זענען שוין געווען מעהר־וועניגער „אויסגעגרינט'' פלעגען העלפען מיט עצות און אַנווייזונגען די אימיגראַנטען, וועלכע זענען נאָך געווען אינגאַנצען „גריין''. די עצות זענען געווען וועגען צופּאַסען זיך צו אַ „דזשאָב'', וועגען איינאָרדענען זיך אין לאַנד בכלל און וועגען איבערנעהמען וואָס גיכער די זיטען און דעם לעבענס־שטייגער פון דער „נייער היים''.

# אימיגראַנטישע פּראָבלעמען

דער הויפּט-פּראָבלעם פון דעם אנגעקומענעם אימיגראַנט איז געווען — ווי פאַסט מען זיך צו צו אַ „דזשאָב״, מען זאָל מאַכען אַ לעבען און זיך מיט דער צייט קאָנען מעהר־וועניגער „אַרויפאַרבייטען״.

אויב דער אימיגראַנט איז געקומען צו זיינעם אַ קרוב, וואָס איז געווען „אַרויפגעאַרבייט״, דאַן איז קיין גרויסער פּראָבלעם ניט געווען.

דער קרוב האָט שוין געהאָלפען דעם אימיגראַנט מעהר־וועניגער. ער האָט איהם געהאָלפען קריגען אַ „דזשאָב״, אָדער האָט איהם אריינגענומען אין זיין געשעפט — אויב ער האָט געהאַט אַ ביזנעס פאַר זיך אליין.

עס זענען אָבער געווען פילע אימיגראַנטען, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין נאָהענטע קרובים, אָדער די קרובים האָבען פאַר זיי גאָרניט געקאָנט טאָן.

אַזעלכע אימיגראַנטען פלעגען זיך מישב זיין מיט לאַנדסלייט, וועלכע האָבען זיך שוין מעהר־וועניגער „אויסגעגרינט״. די לאַנדסלייט פלעגען געבען פאַרשידענע עצות.

מאַנכע לאַנדסלייט האָבען געראַטען צו געהן אַרבייטען אין אַ שניידער־שאָפּ, אנפאַנגענדיג אַלס אונטערפּרעסער אָדער „לייבינג מייקער״ און זיך אויסלערנען דעם טרעיד.

שניידעריי, פלעגען זיי זאָגען, איז אפשר געווען אַן אָרימע מלאכה אין דער אַלטער היים, אָבער אין אַמעריקע איז אַ כבוד צו זיין אַ שניידער. פילע לייטישע און בכבוד׳יגע אידען פון אייראָפּא, וועלכע קומען אין קאַנאַדע נעהמען זיך צו שניידעריי.

זיי פלעגען אויך אָנווייזען אויף די באַוואוסטע קליידער־פאַבריקאַנטען, וועלכע זענען זעהר אנגעזעהן אין באַראָן דע הירש אינסטיטוט און וועלכע דאַווענען מיט די רייכע אידען אין שער׳ השמים שוהל, אַז זיי האָבען אנגעפאַנגען אַלס איינפאַכע שניידערס ביז זיי האָבען זיך אַרויפגעאַרבייט און געוואָרען גרויסע פאַבריקאַנטען.

עס זענען אָבער געווען לאַנדסלייט, וועלכע האָבען שטאַרק אפּגערעדט פון געהן אין שניידער־שאָפּ.

שניידעריי, פלעגען זיי זאָגען, איז אַן אָרימע פּרנסה אין אַמעריקע. כסדר „סלעק״ און „סטרייקס״.

אויב איינער ווערט אַ שניידער, פלעגען זיי זאָגען, מיינט עס, אַז ער איז אייביג אַ קבצן; אַז מען אַרבייט צו לאַנג אין שניידער־שאָפּ, פלעגען זיי וואָרנען, קריגט מען מערידען אָדער, חלילה, שווינדזוכט.

עס זענען געווען לאַנדסלייט, זועלכע פלעגען ראַטען, אַז מען זאָל ווערען אַ „קלאָפּער״ פאַר אַ קאַסטימער פּעדלער.

זיי פלעגען מאַכען אונגעפעהר אַזאַ חשבון:

פון אַ קלאָפּער קאָן מען זיך אַרויפאַרבייטען און ווערען אַ „קאַסטימער פּעדלער". נאָכהער, אַז מען איז פעאיג, ווערט מען דער אייגענטימער פון אַ דריי־גודס סטאָר אויף מעין סטריט, אָדער נאָטרע דעים סטריט. נאָכהער — אויב מען איז פעאיג — ווערט מען אַן האָלסיילער.

און אַט די לאַנדסלייט פלעגען אָנווייזען אויף עטליכע אָנגעזעהענע בעלי־בתים אין מאָנטרעאַל, אייגענטימער פון גרויסע סטאָרס, אָדער פון האָלסיילס, וועלכע האָבען אָנגעפאַנגען אַלס „קלאָפּערס" . . .

עס זענען געווען לאַנדסלייט, וועלכע פלעגען ראָטען, אַז מען זאָל ווערען פּעדלערס אין קאַונטרי.

זיי פלעגען זאָגען: אַ קאַונטרי־פּעדלער אַרבייט טאַקע שווער, ער „בידעוועט", אָבער דערפאַר „גרינט" ער זיך אויס גיכער און אַרבייט זיך שנעלער אַרויף.

ווער איינער איז פעאיג, פלעגען זיי זאָגען, פּעדעלט ער עטליכע חדשים אין קאַונטרי, נאָכהער אָרדענט ער זיך איין ערגעץ אין איינער פון די קאַונטריס, עפענט דאָרט אַ סטאָר, קויפט אַ הויז און ווערט אַ גביר. אויף ראש־השנה און יום כפור קומט מען אין שטאָט, מען נעהמט אַ „סיט" אין אַ שוהל און מען איז אַללרייט.

אימיגראַנטישע אידען פלעגען אויך קריגען עצות צו געהן אַרבייטען פאַר דער סי. פּי. אַר., אין די באַהן־שעפּער אויף דייוווידסאָן סטריט, נעבען רייטשעל.

אין יענער צייט האָבען אין דער סי. פּי. אַר. געאַרבייט אַ סך אידען אַלס שלאָסערס, סטאָליאַרעס און בלעכער. מען פלעגט זיי אַרייננעהמען צו דער אַרבייט אפילו ווען זיי האָבען ניט געקאָנט די שפּראַכען פון לאַנד. אויף שטום־לשון פלעגען די פאָרלייט זיך פאַרשטענדיגען מיט זיי וועגען ווייזדושעס און זיי דירעקטירען ווי צו אַרבייטען.

# באַראָן דע הירש אינסטיטוט

אין יענער צייט איז דער באַראָן דע הירש אינסטיטוט געווען דער צענטער פון פילאַנטראָפּישער און געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט.

אין אָנפאַנג האָבּען אימיגראַנטישע אידען געמיינט, אַז די גרויסע געביידע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „באַראָן דע הירש אינסטיטוט'' געהער טאַקע צו דעם באַראָן. דער נאָמען באַראָן דע הירש איז זיי שוין געווען באַקאַנט נאָך אין דער אַלטער היים; זיי האָבּען פון איהם געהערט זעהר פיל. האָבּען זיי געמיינט, אַז זייענדיג אַ רייכער איד האָט ער הייזער אין פאַרשיידענע שטעדט, איינשליסענדיג אויך אין מאָנטרעאל. אָבער עס האָט לאַנג ניט געדויערט און דער אימיגראַנטישער איד האָט אויסגעפונען, אַז די הויז געהער ניט צו באַראָן דע הירש, נאָר צו אַלע אידען אין מאָנטרעאל.

זיינע לאַנדסלייט, וועלכע זענען געווען שוין מעהר־וועניגער אויסגעגרינט, האָבען איהם דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון באַראָן דע הירש אינסטיטוט.

עס איז געווען אונגעפעהר אַזוי:

איינינע מאָנטרעאלער אידען האָבּען געלייענט אין די צייטונגען, אַז באַראָן דע הירש שטיצט אָרימע אידען צו באַזעצען זיך אויף לאַנד. האָבּען זיי איהם געשריבען אַ בּריוו און איהם געבּעטען ער זאָל זיך פאַראינטערעסירען מיט קאַנאַדע. זיי האָבּען איהם אינפאָרמירט, אַז אין קאַנאַדע ענטוויקעלט זיך אַ אידישער ישוב; אַז עס קומען אַן כסדר אימיגראַנטען פון מזרח אייראָפּא; אַז מאַנכע פון אָט די אימיגראַנטען קאָן מען באַזעצען אויף לאַנד אין קאַנאַדע. דער באַראָן האָט זיך טאַקע פאַראינטערעסירט מיט קאַנאַדע און געענטפערט אויף דעם בּריוו און בּייגעלעגט אַ גרויסען טשעק. האָט מען דעריבּער פאַראייבּיגט זיין נאָמען מיט דער דאָזיגער געבּיידע, וואָס איז דער צענטער פון אידישער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט אין מאָנטרעאל.

קיין סך אידישע געזעלשאַפטליכע אַקטיוויטעט — אין פאַרגלייך צו היינט — איז דאָן ניט געווען. אין באַראָן דע הירש האָט מען געזאָרגט פאַר די אָרימע אידען; אין אָנפאַנג האָבּען אימיגראַנטישע אידען געמיינט, אַז אידישע קבּצנים זענען פאַראַן נאָר אין דער אַלטער היים. זיי האָבּען אָבער שנעל אויסגעפונען, אַז דאָ זענען פאַראַן אלמנות און יתומים און קראַנקע אימיגראַנטישע מענשען, וועלכע קאָנען ניט אַרבּייטען. זיי האָבּען זיך דערוואוסט, אַז דאָ זיינען פאַראַן פרויען, וועלכע די מענער האָבּען איבּערגעלאָזט אויף הפקר און אַנטלאָפען ערגעץ אין אַנדערע שטעט. האָט מען זיי באַדאַרפט העלפען און אויסהאַלטען אין דער צייט ווען מען האָט זייערע מענער געזוכט; עס זענען פאַראַן אידען, וועלכע זענען קראַנק געוואָרען עטליכע יאָהר נאָכדעם ווי זיי האָבּען איינגעוואַנדערט און מען מוז זיי שטיצען.

ווען אַן אימיגראַנטישער איד פלעגט אריינקומען זונטאָג נאָכמיטאָג אָדער

אין אוועגט אין באַראָן דע הירש אינסטיטוט פלעגט ער דאָרט זעהן ווי עס קומען אריין שוין „אויסגעגרינטע" אידען און קלייבען זיך צונויף אין די פאַרשידענע צימערען און האַלטען אָפּ פאַרזאַמלונגען. ביי מאַנכע פאַרזאַמלונגען פלעגט מען רעדען נאָר ענגליש. אויב ער האָט נאָך ניט פאַרשטאַנען קיין ענגליש, פלעגען די פריינד און לאַנדסלייט איהם ערמוטיגען ער זאָל געהן אין נאַכט־סקול און זיך לערנען ענגליש. אַ נאַכט־סקול פאַר ענגליש איז אויך געווען אין באַראָן דע הירש אינסטיטוט.

* * *

די נאַכט־סקול פון באַראָן דע הירש אינסטיטוט איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע אינסטיטוציעס פאַר די אימיגראַנטען־אידען מיט אַרום דרייסיג אָדער פערציג יאָהר צוריק.

אין דער נאַכט - סקול האָבען די ניי־אַנגעקומענע געלערנט ענגליש מיט גרויס חשק. די אינגערע בחורים, וועלכע האָבען אין ענגליש געזעהן דעם הויפּט־מיטעל מיט וועלכען זיי קאָנען זיך „ארויפאַרבייטען", האָבען געהאָט נאָך אַן אורזאַך פאַר'ן געהן אין דער נאַכט־סקול. מען פלעגט דאָרט זיך באַגעגענען מיט אימיגראַנטישע מיידלאַך, וועלכע זענען אויך געקומען זיך לערנען ענגליש. פון אָט די באַקאַנטשאַפטען פלעגען זיך ענטוויקלען ראָמאַנסען; פון די ראָמאַנסען זענען ארויסגעקומען שידוכים.

ניט אַלע אָנגעקומענע אימיגראַנטען האָבען געקאָנט געהן אין דער נאַכט־סקול. מיטעל־יעהריגע מענשען, וועלכע פלעגען אַרבייטען שווער, און וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין פעאיגקייט צו לערנען פלעגען ניט געהן אין דער נאַכט־סקול, אָדער זיי פלעגען אָנהויבען געהן און אויפהערען. אָט די מענשען פלעגען זיך באַמיהען צו לערנען ענגליש אין גאַס, פון די מענשען מיט וועלכע זיי האָבען געוואוינט, אָדער מיט וועלכע זיי האָבען געאַרבייט.

די ערשטע ענגלישע ווערטער, וועלכע די דאָזיגע אימיגראַנטען פלעגען זיך אויסלערנען פון פריינד און לאַנדסלייט זענען געווען: „האַרי־אַפּ", „קאַם־אָן", „טיים איז מאַני", „העלפּ יור סעלף", „נעווער מיינד", „וואָט דו יו וואָנט".

דאָס וואָרט „האַרי אַפּ" פלעגט דער אימיגראַנטישער איד הערען אויף שריט און טריט אין שאַפּ ביי דער אַרבייט. סיי דער פאָרמאַן, סיי די מיטאַרבייטער אין שאַפּ פלעגען איהם ערקלערען, אַז דאָ, אויף דער זייט ים, מוז מען טאָן אַלץ גיך, שנעל. אויב מען אַרבייט שנעל „אַרבייט מען זיך ארויף" און מען ווערט „אַלרייט".

צוזאַמען דערמיט איז שוין געגאַנגען די פראַזע „טיים איז מאַני" — צייט איז געלט. לאַנדסלייט און פריינד פלעגען איהם אויפקלערען, אַז אויב מען פאַרשווענדעט אַ שטיקעל צייט ניט אַרבייטענדיג, מיינט עס אַ פאַרלוסט אין געלט.

און די אימיגראַנטישע אידען פלעגען זיך באַמיהען צו אַרבייטען שנעל כדי דער פאָרמאַן זאָל זיך ניט בייזערען. אויב דאָס אַרבייטען שנעל איז זיי געווען שווער, פלעגען זיי אויסלאָזען זייער ביטער האַרץ צו קאָלאָמבוס'ן . . .

די אומצופרידענע אימיגראַנטען פלעגען אין יענער צייט זעהר פיל רעדען נעגען קאַלאַמבוס'ן.

פילע פון זיי פלעגען האָפען, אַז אַזוי שנעל ווי זיי וועלען זיך אויסלערנען ענגליש וועלען זיי פאַרלאָזען דעם שאָפּ מיט'ן פאָרמאַן, מיט „האַרי־אַפּ” און זיך נעהמען צו אַ שטיקעל געשעפט פאַר זיך אליין.

אַ היבשע צאָל פון אָט די אומצופרידענע שאָפּ־אימיגראַנטען האָבען זיך אויסגעלערנט אַביסעל ענגליש אין גאַס און זענען ארויס פון שאָפּ, זיך גענומען צו קליינע ביזנעס. נאָכהער האָבען זיי זייערע ביזנעס פאַרגרעסערט און זייערע קינדער זענען צוליב דעם היינט אַנגעזעהענע געשעפטסלייט און פאַרמעגליכע מענשען און שפּילען אַ וויכטיגע ראָלע אין געזעלשאַפטליכען אידישען לעבען פון שטאָט.

די אינגערע אימיגראַנטען האָבען זיך אויסגעגרינט שנעלער אַ דאַנק דער נאַכט־שול אין באַראָן דע הירש, וואו זיי האָבען זיך שנעל אויסגעלערנט ענגליש.

די יעניגע, וועלכע זענען געגאַנגען אין נאַכט־סקול האָבען זיך שנעל אַריענטירט מיט'ן נייעם לעבען אין דעם נייעם לאַנד.

געהענדיג עטליכע מאָל אין וואָך צו די ענגלישע קורסען זענען זיי דערווייל נעוואָרען היימיש אין באַראָן דע הירש אינסטיטוט. זיי האָבען זיך אַרומגעקוקט וואָס דאָרטען טוט זיך; זיי האָבען זיך דאָרט באַקאַנט מיט נייע מענשען און זיך דערוואוסט פון פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע אַקטיוויטעטען, וועלכע געהען אָן אין שטאָט; זיי האָבען אויסגעפונען, אַז אין געוויסע אַקטיוויטעטען קאָנען זיי זיך באַטייליגען אפילו ווען זיי זענען נאָך „גרין”, אפילו ווען זיי קאָנען נאָך ניט רעדען קיין ענגליש.

ווערענדיג היימיש אין באַראָן דע הירש אינסטיטוט פלעגט דער אימיגראַנטישער איד זיך דאָרט באַגעגענען מיט אינטעליגענטע מענשען, מיט היימישע משכילים, וועלכע קאָנען רעדען גוט העבּרייאיש, מיט העבּרייאישע לעהרער. מיט אידען, וועלכע שרייבען אין „קענעדער אדלער”, מיט אידען וועלכע מישען זיך אין ציוניסטישע פאַראיינען, אָדער אין ראַדיקאַלע גרופּעס — זיי פלעגען רעדען פריינדליך צו איהם און איהם ערמוטיגען, ער זאָל ניט בענקען נאָך דער אַלטער היים אפילו אויב ס'איז איהם שווער צו אַרבּייטען אין שאָפּ, וואו דער פאָרמאַן האַלט כסדר אין טרייבען „האַרי־אַפּ” און וואו עס איז ניטאָ קיין פרייהייט און זעלבּסטשטענדיגקייט. זיי פלעגען איהם זאָגען: „לערנט זיך אויס די שפּראַך, ענגליש, וועט איהר זיין אַלרייט . . . גאַנץ אַמעריקע איז פאַר אייך . . . איהר קאָנט ווערען אַ קלוירק אין אַ סטאָר . . . אַ ניוס איידזשענט אויף דער באַהן . . . אַז אַגענט פון זינגער ניי־מאַשינען . . . דאַנקט גאָט וואָס איהר זענט פּטור געוואָרען פון „פּאַניע גנב”, אָדער פון רומענישע מאַמאַליגעס . . . לערנט זיך אויס ענגליש” . . .

אַזוי אונגעפעהר פלעגט מען רעדען אין באַראָן דע הירש צו די אימיגראַנטישע אידען, וועלכע פלעגען קומען אין נאַכט־סקול לערנען ענגליש. די אימיגראַנטען האָבען געלערנט מיט גרויס חשק. זיי האָבען געהאַט גרויס דרך־ארץ

פאר דעם לעהרער. אין יענער צייט איז ביי די אימיגראַנטישע אידען געווען זעהר געאַכטעט מר. גאַרדאַן, דער הויפּט־לעהרער פון דער נאַכט־סקול. פילע אימיגראַנטישע אידען זענען געווען דאַנקבאַר צו איהם, וואָס ער האָט זיי אויס־געלערנט די לאַנד־שפּראַך.

פילע פון די אינגערע אימיגראַנטען, וועלכע האָבען געהאַט פעאיגקייטען צו לערנען האָבען זיך טאַקע אויסגעלערנט ענגליש אין דער נאַכט־סקול און עס גוט אויסגענוצט.

קאַנענדיג ענגליש האָבען זיי געקאָנט לייכט אויסמיידען דעם שניידער־שאַפּ אָדער דעם קלאָוק־שאָפּ. זיי האָבען זיך גענומען צו אַזעלכע מלאכות, וועלכע האָבען זיי שנעל „אויסגעגרינט״ און געמאַכט לייכטער זייער וועג צו ערפאָלג.

מאַנכע פון זיי זענען געוואָרען „קלוירקס״ און סיילסלייט אין די סטאָרס און האָלסיילס, און די „גרינקייט״ איז שנעל פאַרשוואונדען פון זייערע פּנים׳ער און קליידער.

אַנדערע זענען געוואָרען אַגענטען פון ניי־מאַשינען און אַביסעל שפּעטער — אַגענטען פאַר אינשורענס קאָמפּאַניס.

אַנדערע זענען געוואָרען „ניוס־איידזשענטס״ אויף די באַנען.

ווען אימיגראַנטען זענען אַרונטער פון שיף אין קוויבעק, אָדער אין האַליפאַקס און זענען געפאָרען פון דאָרט מיט דער באַהן קיין מאַנטרעאַל, איז דער ערשטער קאַנאַדער איד מיט וועלכען זיי האָבען זיך באַגעגענט — געווען דער „ניוס־איידזשענט״ אויפ׳ן באַהן . . .

עס איז זיי קיינמאָל ניט איינגעפאַלען, אַז דער מאַן וואָס טראָגט אַ יוניפאָרם און פאַרקויפט צייטונגען און צובייסענס אויפ׳ן באַהן, איז אַן אייגענער מענש, אַ איד. אַבער אַז דער „ניוס־איידזשענט״ פלעגט אַנהויבען רעדען צו זיי מאַמע־לשון, האָבען זיי באַלד איינגעזעהן, אַז ער איז אַ היימישער איד . . .

זיי האָבען אויסגעפונען, אַז ניט לאַנג צוריק איז ער אויך געווען אַן אימי־גראַנט, וואָס איז געפאָרען מיט אַן אימיגראַנטען־באַהן פון קוויבעק אָדער פון האַליפאַקס . . .

דער „ניוס־איידזשענט״ האָט זיי געגעבען דעם ערשטען שלום־עליכם און זיי געזאָגט, אַז זיי פאָהרען צו אַ לאַנד פון אַרבייט, וואו אַלע דאַרפען אַרבייטען און אַז מען אַרבייט קריגט מען באַצאָלט און מען איז „אַלרייט״.

* * *

אין דער צייט ווען אימיגראַנטישע אידען פלעגען קומען אין באַראָן דע הירש לערנען ענגליש, האָבען זיי דאָרט אויך געזעהן אַ ביבליאָטעק — די ערשטע אידישע ביבליאָטעק, וואָס זיי האָבען געזעהן אין מאָנטרעאָל.

די יעניגע וועלכע האָבען געליינט ביכער אין דער אַלטער היים זענען געווען ענטציקט. זיי האָבען געהאַט גרויס פאַרגעניגען אריינצוגעהן אין ביבליאָטעק לייענען, אָדער זעהן ווי אַנדערע לייענען.

אין ביבליאָטעק האָבען זיי געזעהן אַ סך ביכער און זשורנאַלען אין ענגליש.

דער דורכשניטליכער אימיגראַנט, וועלכער פלעגט אריינגעהן אין דער ביב־ליאָטעק האָט זיך געוואונשען, אַז ער זאָל וואָס גיכער קאָנען לייענען אָט די ענגלישע ביכער און זשורנאַלען.

ער האָט געפיהלט, אַז דאַן, ווען ער וועט קענען לייענען אָט די ביכער און זשורנאַלען וועט ער שוין ניט זיין קיין גרינער.

דערווייל האָט ער געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר די „אויסגעגרינטע" אידען, וועלכע ער האָט געטראָפען אין דער ביבליאָטעק, און וועלכע קאָנען שוין לייענען ענגליש.

אָט די מענשען האָבען ביי איהם אויסגעקוקט פיל אַנדערש ווי די מענשען, וועלכע ער באַגעגענט אין גאַס, אָדער אין שאַפּ, אינטעליגענטער און פריינדליכער.

די מענשען וועלכע ער האָט באַגעגענט אין ביבליאָטעק פלעגען רעדען וועגען קולטור, ביכער, זשורנאַלען און צייטונגען.

זיי פלעגען איהם דערציילען, אַז אין קאַנאַדע זענען פאַראַן אידען, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט שרייבען ביכער איבער פאַרשידענע זאַכען, היסטאָריע, פּאָעזיע און וועגען לאַנד־פראַגען.

זיי פלעגען איהם פאַרזיכערען, אַז די יעניגע וועלכע פאַרנעמען זיך מיט לייענען ביכער און בילדען זיך, פאַרלירען ניט די מעגליכקייטען צו אַרויפאַרבייטען זיך, פאַרקערט — עס העלפט זיי.

זיי פלעגען איהם ראַטען צו וועלכע מיטינגען ער זאָל געהן כדי צו געפינען פּאַסיגע פריינד — פריינד, וועלכע דענקען און פיהלען ווי ער.

זיי פלעגען איהם ערמוטיגען, אַז עס וועט ניט דויערען לאַנג און ער וועט זיך אויסלערנען ענגליש וועט ער קענען לייענען די וויכטיגע ביכער, וועלכע זענען דאָ אין דער ביבליאָטעק. ער וועט קאָנען לייענן די שעהנע ביכער פון איזראַעל זאַנגוויל . . .

זאַנגוויל איז דאַן געווען דער פּאָפּולערסטער שרייבער צווישען די אידען, וועלכע האָבען געערעדט און געלייענט ענגליש.

אינטערעסירענדיג זיך מיט די אינטעליגענטערע מענשען פון באַראָן דע הירש אינסטיטוט, האָט דער אימיגראַנט געהערט פיל פון הערים וויינבערג, אַ מענש פון נידעריגען וואוקס, מיט אַ קליין בערדעל — אַ פאַבריקאַנט פון קליידער.

אויף וויינבערג'ן האָט מען געזאָגט, אַז ער איז געווען דער יעניגער, וועלכער האָט געשריבען בריוו צו באַראָן דע הירש און איהם פאַראינטערעסירט צו שיקען אַ גרויסען טשעק צו אָנפיהרען אידישע קאָלאָניזאַציע אין קאַנאַדע.

אין יענער צייט האָט מען טאַקע זעהר פיל גערעדט און געטאַן וועגען אָט דער אַרבייט — וועגען קאָלאָניזירען אידישע אימיגראַנטען אויף לאַנד, צו מאַכען פון זיי פאַרמערס.

דער אינטעליגענטערער אימיגראַנט, וועלכער פלעגט באַזוכען די ביבליאָטעק פון באַראָן דע הירש אינסטיטוט האָט שטאַרק רעספּעקטירט אָט די אַרבייט. ער האָט צוליב דעם געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר הערים וויינבערג, וועלכער

פלעגט שרייבען בריוו צום באַראָן, צו דער „אַליאַנס איזראַעליט״ און צו פּראָ־מינענטע אידען אין לאָנדאָן און פּאַריז.

אין גאַס, צווישען אימיגראַנטישע אַרבייטער, וועלכע קומען ניט אין באַראָן דע הירש אינסטיטוט, איז הערים וויינבערג געווען דער סימבאָל פון קאַפּיטאַליזם. צו זיי איז ער געווען באַוואוסט בלויז אַלס קליידער־פאַבריקאַנט. די קליידער־פאַבריקאַנטען זענען אין יענער צייט געווען סימבאָלען פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע. זיי זענען געווען ניט פּאָפּולער. מען האָט געוואוסט, אַז ביי וויינבערג׳ן אין שאַפּ אַרבייטען דורכאויס אידישע אַרבייטער, לאַנגע שטונדען. די יוניאָן האָט שטענדיג געפיהרט אַ קאַמף געגען איהם.

דער אינטעליגענטער אימיגראַנט האָט זיך אין האַרצען שטענדיג סאָלידאַ־ריזירט מיט דער אומצופרידענהייט און מיט דעם קאַמף פון די אַרבייטער געגען די פאַבריקאַנטען. אבער ווען ער פלעגט אריינקומען אין באַראָן דע הירש, האָט ער געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר די רייכערע אידען, וועלכע פאַרנעמען זיך דאָרט מיט קאָלאָניזאַציע — צו העלפען די אַנגעקומענע אידישע אימיגראַנטען פון רוסלאַנד און פון רומעניע צו איינאָרדענען זיך אויף פאַרמס, זיי זאָלען ווערען פּראָדוקטיווע און נוצליכע בירגער פאַר׳ן לאַנד.

אַ וויכטיגער כלל־טוער אין יענער צייט איז געווען דייוויד אַנסעל.

אַנסעל איז געווען אַן ענגלישער איד, וואָס האָט געהאַנדעלט מעהר מיט מעקסיקאַנער ווי מיט אידען. ער איז געווען דער גענעראַל־קאָנסול פאַר מעקסיקאַ.

ער איז אבער געווען ניט בלויז אַ דיפּלאָמאַט און געשעפטסמאַן, נאָר אויך אַ שרייבער. ער פלעגט שרייבען וועגען דער גרויס־פּאָליטיק פון ענגלאַנד. ער איז געווען אַ וויכטיגער אַנפיהרער פון באַראָן דער הירש אינסטיטוט און אַ וויכטיגער טוער אין דער קאָלאָניזאַציע אַרבייט.

נאָך אַ וויכטיגער איד איז געווען אַ קאָנסול פון אַן אויסלענדישע רעגירונג — קלאַרענס דע סאָלאַ.

קלאַרענס דע סאָלאַ איז צו אינטעליגענטע אימיגראַנטישע אידען געווען באַוואוסט מעהר ווי אימיצער אַנדערש אין מאָנטרעאָל, דערפאַר ווייל ער איז געווען דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און ווייל זיין ברודער איז געווען אַ רב. וועגען איהם וועט אונז אויסקומען רעדען אַביסעל שפּעטער.

אין באַראָן דע הירש האָבען אימיגראַנטישע אידען פיל געהערט פון לאַזאַרוס קאַהען און זיין זוהן לייאָן קאַהען.

לאַזאַרוס קאַהען איז געווען באַוואוסט צו אַלע אימיגראַנטישע אידען, אפילו צו די, וועלכע פלעגען ניט אריינקומען אין באַראָן דע הירש.

פון איהם האָט מען געוואוסט, ערשטענס, ווייל ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער תלמוד תורה; צווייטענס, זיין ברודער איז אַ רב, הרב צבי הכהן; דריטענס, ער האָט געהאַט אַ פּאַטריאַרכאַלישע לאַנגע באָרד און פערטענס — ער האָט געהאַט אַ פאַבריק פון מעטאַלענע פּראָדוקטען, אין וועלכער עס פלעגען אַרבייטען פילע אימיגראַנטישע אידען.

לאַזאַרוס קאַהען און זיין זוהן לייאָן קאַהען זענען געווען צווישען די לייטענדע פיגורען אין בּאַראָן דע הירש.

אין בּאַראָן דע הירש האָבען אימיגראַנטישע אידען אויך פיל געהערט פון אברהם קאַפּלאַנסקי, אַ בּיאַליסטאָקער איד, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען דער סופּעראינטענדענט פון דעם אינסטיטוט.

קאַפּלאַנסקי איז ניט געווען פון די רייכע אידען. ער פלעגט זיך אָבער מישען צווישען זיי. אין אַלגעמיין איז ער געווען דער סאָרט כלל־טוער, וואָס האָט זיך בּאַמיהט צו פאַרבּינדען די אימיגראַנטישע אידען פון מזרח־אייראָפּא מיט די איינגעזעסענע אידען, וועלכע האָבּען איינגעוואַנדערט אין קאַנאַדע מיט עטליכע צענדליג יאָהר פריהער.

וועגען קאַפּלאַנסקי'ן האָבען אימיגראַנטישע אידען אין יענער צייט געהערט, אַז ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געבּראַכט קיין מאָנטרעאַל אידישע שריפט־זאַץ כדי מען זאָל קאָנען דרוקען ליפלעטס און צירקולאַרען. איידער קאַפּלאַנסקי האָט געעפענט די אידישע דרוקעריי פלעגט מען מוזען אָנקומען צו אידישע דרוקערייען אין ניו יאָרק ווען מען פלעגט דאַרפען אַ אידישען ליפלעט.

דער אידישער ליפלעט איז פאַר אַ צייט געווען דער איינציגער מיטעל דורך וועלכען מ'האָט געקאָנט רעדען צו דער אידישער בּאַפעלקערונג פון מאָנטרעאַל.

# דער מאַנטרעאַלער האַפען

ווי באַוואוסט איז דער האַפען אין מאַנטרעאל איינער פון די גרעסטע אין צפון אַמעריקע.

פון מאַנטרעאַלער האַפען געהען אַרויס שיפען צו אַלע טיילען פון דער וועלט. פילע שיפען זענען אָנגעלאַדען מיט ווייץ און אַנדערע פּראָדוקטען וואָס קאַנאַדע גיט אַרויס.

די גאַסען וועלכע געפינען זיך ביים האַפען זענען די עלטסטע אין שטאָט. די עלטסטע געביידעס זענען אויף קאָמאָן סטריט, אויף סט. פּאָול סטריט און אויף די אַרומיגע גאַסען פון יענעם געגענד.

די היינטיגע איינוואוינער פון דעם אידישען געגענד זעהען ווייניג דעם מאַנטרעאַלער האַפען. עס מאַכען זיך ניט קיין געלעגענהייטען צו געהן צום וואַסער. עס איז אויך ניטאָ קיין אינטערעס. די שיף וואָס פאָהרט איבער דעם אַטלאַנטיק איז געוואָרען פרעמד דערפאַר, ווייל זי ברענגט שוין ניט מעהר פריינד און לאַנדסלייט פון דער אַלטער היים. די נעמען פון די שיפען, וועלכע פלעגען פיהרען אימיגראַנטען זענען געווען באַקאַנט צו אַלע אימיגראַנטישע אידען. די נעמען פון יענע שיפען זענען שוין לאַנג פאַרגעסען געוואָרען.

אָבער אין יענער צייט, ווען דער אידישער געגענד איז געווען נאָהענט צו קרעיג סטריט, פלעגט דער אימיגראַנטישער איד האָבען אָפטע געלעגענהייטען צו זיין ביים האַפען, אָדער ניט ווייט פון איהם.

א סך אימיגראַנטישע אידען פלעגען געהן צום האַפען זוכען „דזשאָבס".

אין יענער צייט זיינען געווען אידישע „לאָנגשאָרמען". אימיגראַנטישע אידען פלעגען אָנלאָדען און אויסלאָדען שיפען. צו דער דאָזיגער אַרבייט פלעגט מען נעמען נאָר געזונטע מענשען. צווישען די אימיגראַנטישע אידען פלעגט זיין אַ היבש ביסעל געזונטע בחורים מיט רויטע באַקען און ברייטע פלייצעס. דאָס זענען געווען בחורים, וועלכע האָבען געהאַט געאַרבייט אין דער אַלטער היים אַלס שמידען, באַלעגאָלעס אָדער אַנדערע האַמעטנע אַרבייטען. צווישען זיי זענען געווען אַזעלכע, וועלכע זענען אַוועקגעפאָרען פון רוסלאַנד בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבען ניט געוואָלט דינען אין דעם צאַר'ס אַרמיי. דער געלאַף פון דעם צאַר'ס אַרמיי איז געווען איבערהויפּט זעהר גרויס אין דער פּעריאָדע פון דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה און אויך אין דער פּעריאָדע פון דער ניט־געלונגענער רעוואָ־לוציע געגען צאַר אין 1905 און 1906.

מאַנכע פון אָט די געזונטע בחורים פלעגען געהן אַרבייטען ביי די שיפען און האָבען גוט פאַרדינט. זיי האָבען זיך שנעלער אויסגעגרינט דערפאַר ווייל זיי האָבען זיך פיל געמישט, ביי דער אַרבייט, מיט ניט־אידען.

צו אַן אימיגראַנט וואָס פלעגט אַרבייטען ביים האַפען פלעגט מען זיך

באציהען מיט אַ ספּעציעלען רעספּעקט. ווען אַ מיידעל פלעגט טאַן אַ שידוך מיט אַזאַ בחור, פלעגען איהר פריינד און לאַנדסלייט גראַטולירען. מען פלעגט זאָגען אויף איהר „זי איז אריין מיט דער רעכטער פוס אין דער נייער לאַנד״ . . .

* * *

מאַנטרעאַלער אידען פלעגען אין יענער צייט קומען אין באַריהרונג מיט'ן האַפּען אויך אַ דאַנק דעם סט. העלענס איילענד.

צום סט. העלענס איילענד פלעגען יעדען זונטאָג פאָהרען אידישע פאַמיליעס פאַרברענגען דעם טאָג אויף פרישער לופט, אויף גרינעם גראָז.

די נסיעה צום העלענס איילענד איז געווען אינטערעסאַנט. מען פלעגט פאָהרען מיט אַ שיף. זי איז נאַטירליך געווען פיל קלענער ווי די שיף מיט וועלכע די אימיגראַנטישע אידען זענען אריבערגעפאָרען דעם אַטלאַנטיק. ס'איז אָבער דאָך געווען אַ שיף, מיט אַ קאַפּיטאַן, מיט רעטונגס־גאַרטלען און אַלע אַנדערע נויטיגע שיף־זאַכען.

די רייזע האָט געקאָסט ביליג, בלויז פינף סענט. מען פלעגט צאָלען בלויז פאַר דער רייזע צום אינזעל. צוריק איז מען געפאָרען אומזיסט.

פאַר די אימיגראַנטישע אידען איז דער דאָזיגער אינזעל געווען ווי אַ גן־עדן. דאָרט האָבען זיי זיך געפיהלט זעהר פריי. זיי פלעגען דאָרט באַגעגענען לאַנדס־לייט, גרינע, האַלב־גרינע און מאַנכע שוין גוט אויסגעגרינט. די אויסגעגרינטע פלעגט מען דערקאָנען זעהר לייכט.

מאַנכע פון די אויסגעגרינטע האָט מען דערקאַנט דערפאַר ווייל זיי זענען געווען בעסער געקליידעט, האָבען אויסגעזעהן זאַטער און צופרידענער. מען האָט געקאַנט זעהן, אַז זיי זענען שוין „ארויפגעאַרבייט״. אַ „ארויפגעאַרבייטער״ פלעגט טראָגען אַ גאָלדענע קייט מיט אַ זייגער איבער דער קאַמיזוילקע, מאַסיווע גאָלדענע רינגען אויף די פינגער און — אַ גאָלדענעם צאָן אין מויל.

אויף אַזאַ איינעם פלעגט מען זאָגען: „ער איז שוין לאַנג אין לאַנד, ער איז שוין, קיין עין הרע, אַלרייט״.

אַנדערע פלעגט מען דערקאָנען, אַז זיי זענען שוין אויסגעגרינט צוליב דעם ווייל זיי האָבען אויסגעזעהן אויסגעדאַרט, אויסגעמאַגערט, מיט איינגעזונקענע אויגען. זייערע קליידער זענען געווען עכט אַמעריקאַניש אָבער שטאַרק אָפּגעטראָגען.

ווען מען פלעגט רעדען מיט אַזאַ „אויסגעגרינטען״ פלעגט ער זאָגען: „יאָ, איך בין שוין לאַנג אין דער גאָלדענער מדינה . . . שוין דורכגעמאַכט „סלעקס״ און סטרייקס און קריזיסען. שוין גענוג פאַרשוואַרצט געוואָרען״.

ווען לאַנדסלייט און פריינד פלעגען זיך באַגעגענען אויף'ן סט. העלענס איילענד פלעגען זיי שמועסען וועגען שטאַטישע פּראָבלעמען, אייגענע פּראָבלעמען און אַמאָל אויך וועגען וועלט־פּראָבלעמען.

די שטאַטישע פּראָבלעמען זענען באַשטאַנען מערסטענס אין סכסוכים מיט בעקערס און בוטשערס, וועלכע ווילען העכערען די פרייזען פון ברויט און פלייש.

וועגען וועלט־זאַכען פלעגען רעדען נאָר די אויפגעקלערטע אימיגראַנטען,

וועלכע לייענען די צייטונגען יעדען טאג. די מערסטע אימיגראַנטען האָבען ניט געהאַט קיין צייט צו לייענען די פּאָליטישע אַרטיקלען אין די צייטונגען, זיי פּלעגען לייענען בלויז די לייכטע זאַכען...

דערפאַר איז געווען אַ סך צו רעדען וועגען זיך אַליין, וועגען די אייגענע פּראָבּלעמען.

איבּערהויפּט פלעגט מען פיל רעדען איבּער דער פראַגע: ווי געפעהלט אייך עפּעס דאָס לעבּען אין דער נייער לאַנד?

מאַנכע אימיגראַנטען זענען געווען אומצופרידען.

די אומצופרידענע פלעגען שילטען קאָלאָמבּוס'ן. זיי פלעגען זאָגען, אַז זיי בּענקען נאָך דעם שטילען פרייען לעבּען פון דער אַלטער היים — פריי פון שאָפּ, פון פאָרמאַן.

אַנדערע אימיגראַנטען זיינען געווען צופרידען. די צופרידענע פלעגען בּענשען קאָלאָמבּוס'ן און שילטען ניקאָלאַי'ען, דעם צאַר פון רוסלאַנד.

די צופרידענע פלעגען רעדען אומגעפער אַזוי:

„אַ טייערע גאָלדענע לאַנד איז קאָלאָמבּוס'עס מדינה... האָסט אָפּגעאַרבּייט, בּיזטו אַ פרייער מענש... פריי ווי אַ פויגעל... קאָנסט געהן וואו דו ווילסט... מיינד יור און בּיזנעס... ניטאָ קיין פאָרמאַן... ניטאָ קיין „בּאָס"... קאָנסט טאָן מיט דיין „פּיידע" וואָס דו ווילסט"...

דער אומצופרידענער אימיגראַנט פלעגט זאָגען:

„דער אַרבּייטער איז ווי אַ שקלאַף... דאַרף שטענדיג ציטערען... איז בּיים פאָרמאַן אין די הענט... ער איז ניט פריי"

ער פלעגט אויך טענה'ן:

„דער מענש איז הפקר... ניטאָ קיין פריינד... יעדער איינער פאַר זיך אַליין... העלפּ יור סעלף...

דער צופרידענער פלעגט זאָגען:

„דער אַרבּייטער איז פריי... ער דאַרף זיך פאַר קיינעם ניט שרעקען... אַ פּאָליסמאַן קאָן איהם גאַרניט טאָן... ס'איז ניט ווי בּיי ניקאָלאַי'קען... ניטאָ קיין פּריזיוו... אַ זוהן מיט אַ גוטען קאָפּ געהט אין קאָלעדזש"...

מאַנכע פון אָט די צופרידענע אימיגראַנטען האָבּען געהאַט זיהן מיט „גוטע קעפּ" זענען זיי געגאַנגען אין קאָלעדזש, גראַדואירט אַלס לאָיערס און דאָקטוי־רים... זיי זענען צווישען די אידישע פּראָפעסיאָנאַלען אין מאָנטרעאָל.

# פרומע אידישקייט

אימיגראַנטישע אידען האבען אין יענער צייט געהאַט אַ קליינעם באַגאַזש פון רעליגיעזער אידישקייט.

דער פּראצענט פון עכט־טראַדיציאָנעלע אידען איז דאן געווען פיל גרעסער ווי עס איז היינט. אבער אויך די רעליגיעזע אידען האבען געהאַט אַ קליינע פּראגראם פון אידישקייט.

מיט אידישער ערציאונג האבען זיך אינטערעסירט ווייניג אידען. די מערסטע אידען האבען געלעבט מיט׳ן געדאַנק, אז לערנען אידישקייט מיט קאנאדער־געבוירענע קינדער איז אַן אַרויסגעוואָרפענע ארבייט.

דער דורכשניטליכער ארטאדאקסישער איד אין יענער צייט, ווען ער האט געטראַכט וועגען אידישער ערציאונג, האט ער געהאַט אין זין דער עיקר „קדיש״ און „בר מצוה״. דערויף זיינען געווען ספּעציעלע פּריוואַטע מלמדים, אויסער דער תלמוד תורה. מאַנכע אימיגראַנטישע אידען פלעגען אָט די סאָרטען מלמדים רופען „די פּעדלער פון אידישקייט״.

דער רעליגיעזער אימיגראַנט איז געקומען קיין קאנאדע מיט׳ן געדאַנק, אז דאָ אין לאַנד איז ניטאָ קיין באָדען און קיין צוקונפט פאַר רעליגיעזער אידישקייט. דעריבער האט ער געזאָרגט בלויז וועגען צוויי זאכען: ערשטענס, אַז אין הויז זאָל אריינקומען כשר׳ע פליייש און צווייטענס, אַז זיין זוהן זאָל קאָנען זאָגען קדיש נאָך איהם ווען די צייט וועט קומען. פון די אַנדערע זאַכען, וועלכע האבען צו טאָן מיט רעליגיעזער אידישקייט האט ער זיך אַזוי ווי מיאש געווען. ער האט געזעהן, אז צופיל אידען, אפילו ארטאדאקסישע, ארבייטען שבת און אז אין די ראַדיקאַלע קרייזען געהט אָן אַ שטאַרקער קאַמף געגען רעליגיע. זיי האבען געלעבט מיט׳ן געפיהל פון מורא, אַז זיי זענען דער לעצטער דור פון רעליגיעזע אידען אין אַמעריקע. אין די שפּעטערדיגע יאָהרען, ווען עס האבען אָנגעהויבען אריינקומען מעהר רבנים און לומדים פון איירָאָפּאַ, ווען די רעליגיעזע אימיגראַנטען האבען זיך אָנגעהויבען בעסער אָרגאַניזירען, איז אָט דער פּעסימיסטישער געפיהל פאַרשוואונדען.

דער ענין פון בר־מצוה איז געווען זעהר מאָדנע אין די אויגען פון די אימיג־ראַנטישע אידען, וועלכע זענען געקומען פון די קליינע פרומע שטעטלאך אין רוסלאַנד, פּוילען, רומעניע און גאַליציע. זיי פלעגען זיך איבערראַשען ווען קומענדיג אין שוהל פלעגען זיי אָפט זעהן די בר מצוה צערעמאָניעס; זיי פלעגען ווערען שטאַרק אימפּאָנירט זעהענדיג ווי אַ קליינער, קאנאדער־געבוירענער אינגעלע געהט אַרויף אויף דער בימה, מיט אַ טלית־שאַל אויף די פּלייצעס, זינגען מיט אַ מאָדנעם ניגון די ברכות און די הפטורה און נאָך זאָגען אַ דרשה. אין דער אַלטער היים האבען זיי אַזעלכע צערעמאָניעס ניט געזעהן.

אין דער ערשטער צייט האט אזא בר מצוה צערעמאניע אויסגעקוקט פריקרע אין די אויגען פון א רעליגיעזען אימיגראנט. אודאי איז איהם געווען געפעלען צו זעהן ווי א קליינער אינגעל, געבוירען דא אין לאנד, קומט אין שוהל, טראגט א טלית׳ל און זינגט די ברכות ביי דער תורה. אבער אין דער זעלבער צייט איז ער אויך געווען קריטיש. ער האט דערינען געזעהן ניט קיין נאטירליכע אידישקייט, נאר א מעכאנישע, א געקינסטעלטע. גאנץ אפט פלעגט דער אימיגראנטישער איד זעהן, אז ארום דעם בר מצוה אינגעל אין שוהל דרעהען זיך ארום בלויז ווייבער — די מאמע, א טאנטע, נאך א טאנטע. ווען ער האט זיך נאכגעפרעגט וואו איז דער טאטע, האט מען איהם געענטפערט, אז דער טאטע איז פארנומען ביי דער ארבייט . . . די אנקעלס אויך. די אמת׳ע בר מצוה פארטי וועט זיין מארגען, זונטאג, ווען דער טאטע און די אנקעלס וועלען זיין פריי פון דער ארבייט.

ווי געזאגט, מעהר ווי קדיש און בר־מצוה דרשות האבען אמאליגע אימיג־ראנטישע אידען ניט ערווארטעט פון אידישע ערציהער. זיי האבען געלעבט מיט׳ן געדאנק, אז די אמת׳ע און איינציגע היים פאר אידישקייט איז די „אלד קאנטרי׳׳. אויב מען דארף האבען רבנים, שוחטים, שמשים, חזנים — וועט מען זיי ברענגען פון אייראפא. אימיגראנטישע אידען האבען אין יענער צייט ניט געטראכט, אז עס וועט אמאל קומען א צייט ווען אין מאנטרעאל וועלען זיין ישיבות און אז קאנאדער־געבוירענע יונגעלייט וועלען פארען אין ישיבות פון אמעריקע און גראדואירען פאר רבנים און אז זייער קאנאדער־געבוירענע זיהן און טעכטער וועלען פיהרען זייערע קינדער אין גרויסע מאדערנע תלמוד־תורה געביידעס, וואו מען וועט לערנען פיל העכערע לימודים פון אידישקייט.

* * *

ווען פרומע אימיגראנטען זענען געקומען אין מאנטרעאל האבען זיי זיך אנגעשטויסען אן פארשידענע פראבלעמען.

דער הויפט־פראבלעם איז געווען וועגען שבת. די פרומע אימיגראנטען זענען געווען שטארק פאראינטערעסירט צו געפינען אזעלכע „דזשאבס׳׳, ביי וועלכע מען זאל ניט דארפען ארבייטען שבת.

אט די סארטען אימיגראנטען פלעגען ניט קאנען געהן ארבייטען פאר דער „סי. פי. אר.׳׳ וואו מען פלעגט גערן ארייננעהמען אידישע ארבייטער. זיי האבען אויך ניט געקאנט געהן ארבייטען ביי די שיפען. זיי האבען געמוזט זוכען נאר אזעלכע פלעצער וואו מען רוהט שבת.

זיי פלעגען יא קאנען געהן ארבייטען אין די שניידער־שעפער. אין די מערסטע שניידער־שעפער האט .מען שבת ניט געארבייט.

אין אזעלכע שניידער־שעפער ווי ביי ה. ווײנבערג, קעלערט׳ס און לעווינסאנ׳ס, פלעגען ארבייטען א סך רעליגיעזע אידען, מאנכע פון זיי מיט פאטריארכאלישע לאנגע בערד. אט די פרומע אידען מיט די בערד, וועלכע האבען געארבייט אין די שניידער־שעפער זענען טאקע געווען זעהר ווייט פון ראדיקאלע אנשויאונגען, אבער אין דער שניידער־יוניאן זענען זיי געווען איבערגעבענע מיטגלידער און

זענען געווען טריי צו די פּרינציפּען פון אַרבייטער־סאָלידאַריטעט. מאַנכע פון אַט די אימיגראַנטען האָבען זיך גענומען צו שניידעריי צוליב איין אורזאַך — זיי האָבען ניט געקאָנט געפינען קיין אַנדער באַשעפטיגונג ביי וועלכער זיי זאָלען ניט דאַרפען אַרבייטען שבת.

אָבער פילע אימיגראַנטען האָבען זיך ניט אויסגעטויגט צו די שניידער־שעפּער. אין יענער צייט זענען פאַרלייט און קאָנטראַקטאָרס געווען זעהר „פּריטיקלי״. ווען זיי פלעגען געהן צום דאַפּרין־פּאַרק זוכען אימיגראַנטען אַלס שניידערס פלעגען זיי באַקוקען דעם אימיגראַנט פון אַלע זייטען אויב ער איז פּאַסיג צו אַרבייטען אין אַ שניידער־שאַפּ. דער עיקר פלעגען זיי קוקען אויף די פינגער . . . אויב אַן אימיגראַנט האָט געהאַט האַמעטנע הענט און פינגער האָבען זיי געפיהלט, אַז ער טויג ניט צו שניידעריי, סיידען פאַר אַן אונטערפּרעסער... ניט יעדער אימיגראַנט האָט געוואָלט זיין אַן אונטערפּרעסער.

און ווען אַ רעליגיעזער אימיגראַנט האָט זיך ניט אויסגעטויגט צום שניידער־שאַפּ האָט ער געמוזט זוכען אַרבייט ערגעץ אַנדערש און דאַן איז געווען אַן ערנסטער פּראָבלעם מיט׳ן שבת.

עס זענען געווען רעליגיעזע אימיגראַנטען, וועלכע האָבען געזוכט און געזוכט און ניט געקענט געפינען קיין ,דזשאָב״ וואו זיי זאָלען קאָנען רוהען שבת. פלעגען זיך צוזאַמענקומען לאַנדסלייט און פריינד און איהם געבען עצות. מאַנכע פריינד האָבען איהם געראַטען אַז ער זאָל איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַשליסען צו אַרבייטען שבת און אַזוי אַרום ווערען פריי פון אַ פּראָבלעם. אַנדערע האָבען געראַטען, אַז ער זאָל בעסער אַנהויבען אַ שטיקעלע געשעפט פאַר זיך אליין ווי פּעדלעריי, אָדער עפּעס אַנדערש, צו וואָס ס׳איז ניט נויטיג קיין קאַפּיטאַל אָדער ערפאַרונג און דאַן וועט ער קאָנען רוען שבת . . .

פילע רעליגיעזע אימיגראַנטען האָבען געפאָלגט אַט די עצה און אָנגעפאַנגען אַרבייטען פאַר זיך אליין. זיי האָבען אָנגעפאַנגען מיט אַ קליינעם געשעפטל און מיט דער צייט איז דער געשעפט געוואָרען גרעסער און גרעסער: מאַנכע פון זיי באַזיצען איצט גרויסע געשעפטען און זיי אָדער זייערע קינדער, זענען צווישען די גרעסערע ביזנעסלייט אין שטאָט.

* * *

ווען אַ פרומער אימיגראַנט איז אָנגעקומען קיין מאָנטרעאל האָבען זיינע פריינד און לאַנדסלייט איהם פאַרזיכערט, אַז דאַ פעהלען ניט קיין שוהלען צום דאַווענען.

און דאָס איז געווען דער אמת. אין אַ געוויינליכען שבת איז דער אימיגראַנט געווען ווילקאָמען אין יעדער שוהל וואו ער זאָל ניט געהן.

אויב ער האָט געוואָלט האָט ער געקאָנט געהן אין די אַפּטאָונער שוהלען, וואו עס האָבען געדאַווענט די רייכערע אידען. די אַפּטאָונער שוהלען זענען געווען די דייטשע שוהל (שערי השמים) אויף מעקגיל קאָלעדזש עוועניו און די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע שוהל (שארית ישראל) אויף סטענלי סטריט.

רייכערע אידען האָבען אויך געדאַווענט אין טעמפּעל עמאַנועל. אָבער אין יענעם פּעריאָד האָבען די אימיגראַנטישע אידען זיך גאָרניט אינטערעסירט מיט'ן טעמפּעל. אין יענער צייט איז געווען אַ זעהר טיפער תהום צווישען די אָרטאָדאָקסישע אידען און די רעפאָרמער.

אין יענעם פּעריאָד האָבען אָרטאָדאָקסישע רבנים און נאַציאָנאַליסטישע שרייבער שטאַרק באַקעמפּט די רעפאָרמער אַלס אַסימילאַטאָרען און אַנטי־נאַציאָנאַליסטען. אפילו געגען ראַבּיי סטיפען ווייז האָט מען דאַן פיל גערעדט און געשריבען דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ זייל צווישען די רעפאָרמער אין אַמעריקע, כאָטש ראַבּיי ווייז איז געווען פאַרבּונדען מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. די מערסטע רעפאָרם ראַבּייס זענען אין יענער צייט געווען פייערדיגע אַנטי־ציוניסטען. ערשט אין די שפּעטערדיגע יאָהרען איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג, דער ציוניזם האָט שטאַרק אריינגעדרונגען אין די רעפאָרם־טעמפּלען. די מערסטע אַמעריקאַנער ראַבּייס זענען היינט ציוניסטען. דער טעמפּעל עמאַנועל אין מאָנטרעאַל איז היינט אַ צענטער פון געזעלשאַפטליכער אידישער אַקטיוויטעט און דער ראַבּיי פון טעמפּעל, דר. ה. סטורן, איז אַן אַקטיווער ציוניסט. אָבער אַמאָל, אין אימיגראַנטישען פּעריאָד, האָבען אָרטאָדאָקסישע אידען לחלוטין ניט געהאַט צו טאָן געזעלשאַפטליך מיט די רעפאָרם־אידען פון טעמפּעל.

אָבער אַן אָרטאָדאָקסישער איד פלעגט יאָ געהן אין מעקגיל קאָלעדזש בּוּלעוואַרד זעהן די „דייטשע" שוהל. ווען ער איז אריין אין שוהל האָט ער באַלד געזעהן, אַז עס דאַווענען דאָרט רייכערע אידען. אָבער דייטשע אידען האָט ער געזעהן ווייניג. עס זענען געווען מערסטענס היימישע אידען. אפילו דער ראַבּיי פון שוהל, דר. ה. אַבּראַמאָוויטש, האָט ער אויסגעפונען, איז אויך ניט קיין דייטשער איד.

אפילו ווען דער אימיגראַנט איז געקומען אין דער שפּאַניש־פּאָרטוגעזישער שוהל האָט ער אויך דאָרט געזעהן מעהר היימישע אידען ווי שפּאַנישע.

די שפּאַנישע שוהל האָט אויסגעזעהן פיל אַנדערש אין די אויגען פון דעם אימיגראַנטישען איד ווי די שוהלען, וועלכע ער האָט געזעהן אין אייראָפּא. אָבער די דייטשע שוהל איז געווען ענליך צו די רייכע שוהלען, וועלכע מען האָט געזעהן אין די גרעסערע און מיטעלע שטעט פון רוסלאַנד און רומעניע.

וועגען די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע אידען האָבען די לאַנדסלייט דערציילט, אַז זיי זענען קיינמאָל ניט געווען אין שפּאַניע אָדער אין פּאָרטוגאַל; אַז זיי רעדען ניט שפּאַניש אָדער פּאָרטוגעזיש, נאָר זיי זענען אור־אור־אייניקלאַך פון אידען, וועלכע האָבען אַמאָל, מיט הונדערטע יאָהרען צוריק געלעבט אין שפּאַניע אָדער אין פּאָרטוגאַל; אַז פון דאָרט האָבען יענע אידען עמיגרירט קיין האָלאַנד אָדער בעלגיע, אָדער ענגלאַנד, און נאָכהער האָבען זייערע קינדער עמיגרירט פון האָלאַנד אָדער פון ענגלאַנד קיין קאַנאַדע און זענען אַנגעקומען אַהער נאָך מיט 150 יאָהר צוריק, אָדער מעהר, און דאָ געבּויט די ערשטע אידישע קאָנגרעגיישאַן און דאָ געהאַט די ערשטע שוהל.

פאַר אַ לאַנגער צייט, האָבען די לאַנדסלייט דערציילט, זענען אין מאָנטרעאל געווען בלויז שפּאַנישע אידען. נאָכהער, איז אָנפאַנג פון פאָריגען יאָהרהונדערט, האָבען אָנגעהויבען אריינקומען דייטשע אידען. די דייטשע אידען זיינען גע־קומען אָהער, ווייל אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך און אין אונגאַרן זענען געווען פּאָליטישע אומרוהען און אַ סך דאַרטיגע אידען האָבען געמוזט זיך אָפּטראָגען, ווארים זיי זענען געווען פאַרמישט מיט אָט די קאַמפען געגען די דעספּאָטען און רעאַקציאָנערען פון יענער צייט. ווען די דייטשע אידען זענען געקומען אָהער האָבען זיי זיך גענומען צו ביזנעס, זיי האָבען אָנגעהויבען אימפּאָרטירען און עקספּאָרטירען סחורות און בויען פאַבריקען. אין אָנפאַנג האָבען די דאָזיגע אידען געדאַווענט אין דער שפּאַניש־פּארטוגעזישער שוהל, וועלכע איז געווען אויף סט. דזשיימס סטריט, און נאָכהער אויף שענעוויל סטריט. אָבער מיט דער צייט איז די שפּאַנישע שוהל געוואָרען צו ענג און פילע פון די דייטשע אידען וועלכע זענען ניט געווען געוואוינט צום נוסח ספרד, האָבען — מיט אַרום הונדערט יאָהר צוריק — געגרינדעט די שער השמים קאָנגרעגיישאָן. אין אָנפאַנג פלעגען די מיטגלידער פון דער דאָזיגער קאָנגרעגיישאָן דאַוונען אין אַ פּריוואַטער הויז אויף סט. גאַבריעל סטריט, וואָס איז נעבען האַפען, וואו עס איז דאַן געווען דער צענטער פון שטאָט. נאָכהער האָבען זיי באַשלאָסען צו בויען אַ שוהל אויף קעדיו נעבען ווייטער סטריט. אין יענער צייט איז עס געווען אַ פיינער געגענד פון שטאָט. מען האָט אויסגעבויט אַ שעהנע שוהל געביידע — שעהן לויט יענע סטאַנדאַרדס פון געביידעס. נאָכהער האָבען זיך רייכערע אידען, מיטגלידער פון דער קאָנגרעגיישאָן, אָנגעהויבען זיך אַרויסקלייבען העכער, צו אַפּטאַון, אין דעם אַריסטאָקראַטישען געגענד, וואָס איז דאַן געווען צווישען יוניווערסיטי און גאַי סטריט און האָבען אָנגעהויבען טראַכטען וועגען בויען אַ נייע שוהל אין דעם „אַפּטאַון״ געגענד. זיי האָבען אויסגעבויט די שוהל אויף מעקגיל קאָלעדזש עוועניו, וועלכע האָט געטראָגען דעם נאָמען די „דייטשע שוהל״. די אַלטע שוהל אויף קעדיו סטריט איז געבליבען צו אַ נייער קאָנגרעגיישאָן וואָס האָט זיך געגרינ־דעט — די בני יעקב קאָנגרעגיישאָן. די דאָזיגע שוהל האָט דאַן אָנגעהויבען טראָגען דעם נאָמען „די רוסישע שוהל״.

אַזוי אונגעפער פלעגען לאַנדלייט דערציילען די אָנגעקומענע אימיגראַנטען וועגען די אַפּטאַונער שוהלען, די דייטשע שוהל און די שפּאַניש־פּארטוגעזישע שוהל.

און ווען דער אימיגראַנטישער איד האָט געפרעגט: ווארום זעהט מען איצט אַזוי ווייניג דייטשע אידען אין דער „דייטשער שוהל״ און אַזוי ווייניג שפּאַנישע אידען אין דער שפּאַניש־פּארטוגעזישער שוהל האָבען אינטעליגענטע לאַנדסלייט געענטפערט:

די מערסטע דייטשע און שפּאַנישע אידען האָבען זיך אַסימילירט און אויס־געמישט מיט דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. די אַסימילאַציע איז געווען אַ לייכטע, אַ נאַטירליכע, דערפאַר ווייל די עלטערען האָבען אויסער דער „סינאַגאָג״ ניט געהאַט קיינע אידישע אינסטיטוציעס צוצובינדען זייערע קינדער צו אידיש־

קייט. די קינדער האבען געלעבט אין א קריסטליכער אטמאספערע, געהייראט מיט קריסטען. נאך יעדער געמישטער חתונה איז א אידישע פאמיליע איינגעשלונגען געווארען אין דער קריסטליכער געזעלשאפט. די קאנגרעגיישאנס וועלכע זיי האבען געבויט זענען אריבער צו רוסישע, רומענישע, גאליציאנער, מזרח-אייראפייאישע אידען, וועלכע האבען אריינגעבראכט אין קאנאדע ניט בלויז דאגמאטישע רעליגיע, נאר אויך טראדיציע, וואס האט זיי געהאלטען צוגעבונדען צום ברייטען לעבען אידישען לעבען פון אייראפא.

* * *

אלע דאנטאונער שוהלען זענען געבויט געווארען פון אימיגראנטישע אידען, וועלכע האבען איינגעוואנדערט פון מזרח-אייראפייאישע לענדער: פון רוסלאנד, פוילען, רומעניע, גאליציע און אונגארן.

נאר צוויי שוהלען, די „בני יעקב" און „בית דוד" האבען אימיגראנטישע אידען אפגעקויפט פון די איינגעזעסענע תושבים, וועלכע זענען אריינגעקומען אין לאנד מיט א סך, א סך יאהרען פריהער.

ווען אימיגראנטען פלעגען אנקומען אהער מיט 30 אדער 40 יאהר צוריק, פלעגען די עלטערע, אויסגעגרינטע לאנדסלייט, זיי דערצעהלען אביסעל געשיכטע וועגען מאנטרעאלער אידען, וועגען די שוהלען און אינסטיטוציעס.

צווישען אנדערעס פלעגען זיי אויך דערציילען, אז דא אין שטאט זענען פאראן אידישע פאמיליעס, וועלכע זענען אנגעקומען פון רוסלאנד, פון פוילען, פון רומעניע, פון גאליציע, נאך מיט 30 אדער 40 יאהר פריהער און אז אט די פאמיליעס זענען איצט רייך און גוט איינגעארדענט אין גרויסע געשעפטען.

וועגען אט די אידען פלעגט מען דערציילען, אז בעת זיי האבען איינגעוואנדערט אהער איז מאנטרעאל נאך געווען ווי א קליין שטעטעל. זיי זענען געקומען אהער מיט ליידיגע הענט און ניט געהאט צו וואס זיך צו נעהמען. אבער זיי האבען דא געטראפען דייטשע אידען, וועלכע זיינען געווען פריינדליך און זיי ארויסגעהאלפען.

די דייטשע אידען האבען אין יענער צייט שוין געהאט גרויסע געשעפטען אין מאנטרעאל. זיי האבען געהאנדעלט מיט דרייגודס, מיט טעקסטיל, טאבאק, הארנעס, פערד און צירונג. זייערע געשעפטען זענען געווען אויף נאטרע דעים, מעקגיל סטריט, קאמאן סטריט, סט. פאול און די זייטיגע געסלאך.

די רוסישע און רומענישע אידען פלעגען זיך קאנען צוזאמענריידען מיט די דייטשע אידען אין דייטש. די רייכערע דייטשע אידען פלעגען העלפען די אנגעקומענע אידען פון מזרח-אייראפא צו איינארדענען זיך אלס קליינע קרעמערס אדער פעדלערס. אויב די אימיגראנטען זענען געווען שניידערס פלעגען די דייטשע אידען זיי העלפען איינארדענען קליינע שאפקעס צו נייען ביליגע קליידער, דער עיקר — הויזען. פון די דאזיגע קליינע שאפקעלעך זענען נאכהער געווארען גרויסע מאדערנע קליידער-פאבריקען אין וועלכע הונדערטער מענשען האבען געארבייט אין איין פאבריק.

אזוי האבען די ערשטע אידישע אימיגראנטען פון רוסלאנד און רומעניע זיך געטוליעט צו די דייטשע אידען בעת זיי זענען אנגעקומען אהער מיט זיבעציג אדער אכציג יאהר צוריק. אויף אן ענליכען אופן האבען די דייטשע אידען זיך געטוליעט צו די שפאנישע אידען בעת זיי, די דייטשע, זענען געקומען אהער. ווען די דייטשע אידען זענען צוגעטראטען בויען די ,,שער השמים'' שוהל אויף קעדיו סטריט, האבען זיי ארייגגענומען אלס שותפים די רוסישע און פוילישע אידען. נאכהער האבען די דייטשע אידען — די רייכערע — זיך אוועקגעקליבען מיט זייער קאנגרעגיישאן ,,אפטאון'', און געבויט די שוהל אויף מעקגיל קאלעדזש עוועניו. האבען די רוסישע אידען פון דער ,,בני יעקב'' קאנגרעגיישאן איבער־גענומען די שוהל אויף קעדיו סטריט און זינט דאן האט עס שוין געהייסען די ,,רוסישע שוהל''.

אויף אזא אופן האבען די רומענישע אידען, וועלכע האבען געגרינדעט די ,,בית דוד'' קאנגרעגיישאן איבערגענומען די שפאניש־פארטוגעזישע שוהל אויף שענעוויל סטריט און עס האט אנגעהויבען זיך רופען די ,,רומענישע שוהל''.

ווען אן אימיגראנטישער איד האט זיך אנגעהויבען פיהלען היימישער אין דער שוהל, פלעגט ער שוין וועלען אנהויבען זאגען דעות און זיך מישען אין די שוהל אנגעלעגענהייטען. צייטענווייז פלעגט ער זיך צוליב דעם צוווערטלען מיט'ן פרעזידענט, אדער מיט'ן גבאי, פלעגט ער ווערען אומצופרידען. ווען עטליכע אזעלכע אומצופרידענע פלעגען זיך באגעגענען פלעגען זיי אנהויבען פלאנירען פון גרינדען א נייע קאנגרעגיישאן, וואו מען וועט איינשטעלען מעהר דעמאקראטישע תקנות, וואו מען וועט זיך פיהלען ברידערליכער, וואו מען וועט אויסטיילען יושר־דיגער די עליות, וואו מעהר היימישע מענשען וועלען קריגען בכבוד'יגע אמטען: פרעזידענט, וויס־פרעזידענט, טראסטי א. אז. וו.

און אזוי ארום האבען זיך שוהלען און שוהלכלעך געבויט פון אימיגראנ־טישע אידען. זיי האבען זיך געבויט אין ספעציעלע געביידעס און אויך אין אפגע־קויפטע אדער געדונגענע אלטע הייזער. ווען מען מאכט איצט א שפאציר איבער די דאונטאונער גאסען, ווי קעדיו, סט. דאמיניק, סיטי האל, דעמאנטיני, דאר־טשעסטער, לאגאשיטיער — דערקאנט מען א סך הייזער, וועלכע זענען אמאל געווען שוהלען. מאנכע פון אט די הייזער ווערען איצט גענוצט פאר שעפער אדער קליינע פאבריקלעך. אין אנדערע וואוינען ארימע פאמיליעס . . . די קאנ־גרעגיישאנס פון אט די שוהלען זענען איצט אין דעם אידישען געגענד, וואס איז שוין ניט אין יענעם טייל פון שטאט.

# סיק בענעפיט סאָסייעטיס

מיט אַן ערך 40 יאָהר צוריק האָבען זיך אָנגעהויבען ענטוויקלען די סיק־בענעפיט סאָסייעטיס אין מאָנטרעאל. פילע אימיגראַנטישע אידען פלעגען זיך אָנשליסען אַן זיי.

אריינצוקומען אין אַ סיק־בענעפיט סאָסייעטי איז געווען לייכט. איין לאַנדסמאַן פלעגט אריינברענגען אַ צווייטען.

אין דער אַלטער היים זענען ניט געווען קיין סיק־בענעפיט סאָסייעטיס, דעריבער איז געווען נויטיג אויפצוקלערען דעם אימיגראַנט וואָס דאָס איז.

די לאַנדסלייט פלעגען איהם אויפקלערען אומגעפער אַזוי:

דאָ, אויף דער זייט ים, פלעגען זיי געבען צו פאַרשטיין, איז אַ מענש עלענד אפילו ווען ער האָט קרובים. ווען ער ווערט קראַנק, איז ניטאָ ווער עס זאָל זאָרגען פאַר איהם . . יעדער איינער איז דאָ פאַרנומען מיט זיך אליין . . דעריבער איז וויכטיג, אַז מען זאָל זיך אָנשליסען און ווערען אַ מיטגליד אין דער סיק־בענעפיט סאָסייעטי. ווען מען ווערט קראַנק איז פאַראַן ווער עס זאָל זאָרגען. די סאָסייעטי שיקט אַ דאָקטאָר און אַ קאָמיטע פון דער סאָסייעטי קומט באַזוכען. דערצו קריגט מען יעדע וואָך קראַנקען־בענעפיט.

די לאַנדסלייט פלעגען אויך אָנגעבען אַנדערע אורזאַכען וואָרום עס איז וויכטיג צו זיין אַ מיטגליד אין אַ סאָסייעטי. מען קומט זיך צוזאַמען, מען באַקענט זיך מיט מענשען. מען קריגט פריינד. אויב מען איז פעאיג און מען קאָן רעדען פאַר׳ן פובליקום, קאָן מען ווערען אַ סעקרעטאַר, אָדער אַ וויים־פרעזידענט און אַמאָל ארבייט מען זיך אַרויף און מען ווערט אַ פרעזידענט.

און לאַנדסלייט פלעגען אָנווייזען אויף געוויסע פערזאָנען, וועלכע זענען ניט לאַנג צוריק געקומען פון רוסלאַנד, אָדער פון רומעניע, געקומען מיט לעדיגע הענט, און זיי זענען געוואָרען גאַנצע מאַכערס אין די סאָסייעטיס, דער איז אַ רעקאָרדינג־סעקרעטאַר, דער אַ פינאַנץ־סעקרעטאַר און דער אַ פרעזידענט. מען דאַרף נאָר האָבען אַ גלאַטען צונג . . . אויב מען האָט אַ גוטע האַנטשריפט קאָן מען אויך שנעל שטייגען אין אַ סאָסייעטי.

ווען אַן אימיגראַנטישער איד האָט באַשלאָסען צו ווערען אַ מיטגליד פון דער סאָסייעטי האָט ער צוערשט באַדאַרפט געהן צו אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט באַדאַרפט אונטערזוכען, אויב ער איז פיזיש פאַסיג צו אַריינגעהן אין דער סאָסייעטי. דאָס איז פאַר איהם געווען אינטערעסאַנט. ער האָט געהאַט אַ געלעגענהייט צו זעהן ווי עס קוקט אויס אַ אידישער דאָקטאָר אין דער נייער היים. דער דאָקטאָר איז געווען מערהסטענס אַ יונגער מענש, וואָס פלעגט רעדען מאַמע־לשון צו די אימיגראַנטישע אידען. דאָס עקזאַמענירען האָט ניט געדויערט לאַנג. דער דאָקטאָר פלעגט באַלד זאָגען דעם אימיגראַנט מיט אַ שמייכעל, אַז ער איז

גאט צו דאנקען געזונט און שטארק; אז ער איז זיכער פאסיג צו אריינגעהן אין דער סאסייעטי. ער פלעגט איהם פאר איינוועגס ערמוטיגען, אז ער וועט נאך זיין „אלרייט" אין קאנאדע; אז ער וועט זיך „ארויפארבייטען" און האבען פיל נחת פון זיין נייער היים, אביסעל שפעטער, ווען ער וועט זיך גוט אויסגרינען . . .

ביי די מיטינגען פון דער סאסייעטי האט דער אימיגראנטישער איד געזעהן זאכען וואס אין אנפאנג האבען זיי אויסגעקוקט זעהר פריקרע. די פראצעדור ביי די מיטינגען און די צערעמאניעס האבען איהם אויסגעקוקט פרעמד. אין דער אלטער היים האט ער עס קיינמאל ניט געזעהן.

אויך די רעדעס פון די אפיסערס האבען געקלונגען מאדנע. זייערע פראזען זענען געווען א מיש־מאש פון ענגליש, אידיש און דייטשמעריש. עס איז איהם אבער געווען געפעלען וואס זיי פלעגען אדרעסירען די מיטגלידער אלס „ברידער".

דער אימיגראנטישער איד האט זיך געפיהלט זעהר אנגענעהם ווען ער פלעגט הערען, אז אומבאקאנטע מענשען, אפילו אויסגעגרינטע, רופען איהם „ברודער". דאס האט איהם שוין געמאכט צו פיהלען זיך דארט עבט היימיש אפילו ווען די רייד פון די אפיסערס האבען ניט געקלונגען ווי מאמע־לשון און אפילו די פראצעדור פון די מיטינגען איז איהם געווען נאך פרעמד. אבער מיט אט דער פראצעדור האט ער זיך אויך שנעל איינגעוואוינט, ספעציעל נאכדעם ווי ער האט אויסגעפונען, אז די באאמטע, דער פרעזידענט, דער וויס־פרעזידענט און די סעקרעטארען זענען היימישע מענשען, שניידערס, אדער קלאוקמאכער, אדער גראסערי־לייט, אדער אנדערע קליינע געשעפטסלייט, וועלכע זענען אליין ניט לאנג אין לאנד און וועלכע וואוינען אין די זעלביגע גאסען וואו עס וואוינען זיינע פריינד און לאנדסלייט.

נאכדעם ווי ער איז געווען א קורצע צייט אין דער סאסייעטי איז ער געווארען היימיש מיט די „ברידער". אויב ער איז אליין געווען שעמעוודיג און צוריקגעהאלטען, האבען שוין די „ברידער" געזעהן, אז ער זאל זיך פיהלען היימיש צווישען זיי. זיי פלעגען צו איהם רעדען זעהר פריינדליך, זיך נאכפרעגען וועגען זיינע פראבלעמען און איהם ערמוטיגען. אויב ער האט געארבייט שווער אין א שאפ, פלעגען זיי איהם זאגען: „דא דארף מען זיך ניט שעהמען מיט ארבייט... אלע ארבייטען . . . דער ארבייטער איז אזא יחסן ווי יעדער איינער" . . . אויב ער האט פארדינט ווייניג, פלעגען זיי איהם זאגען: „האט געדולד . . טעיק יור טיים . . . איהר וועט זיך נאך ארויפארבייטען". זיי פלעגען איהם אנווייזען אויף „ברידער", וועלכע זענען דא ניט לאנג געווען ארים, און איצט, קיין עין הרע, האבען זיי אייגענע הייזער און פארען ארויס מיט „האָרס־ענד־באגיס".

די אפיסערס פלעגען רעדען דייטשמעריש נאר אין דער צייט בעת דער מיטינג איז אנגעגאנגען, אבער איידער דער מיטינג האט זיך אנגעהויבען, אדער נאכדעם, ווען דער מיטינג האט זיך געענדיגט, פלעגען זיי ריידען אן איינפאכען אידיש אזוי ווי אלע אנדערע „ברידער". זיי פלעגען בעטען מ'זאל קומען צו אלע מיטינגען

און זאגען, אַז עס קאָן ניט זיין קיין בעסערער פאַרגעניגען ווי צו פאַרברענגען אַן אווענט ביי אַ סאָסייעטי־מיטינג. זיי פלעגען רעדען מיט רחמנות וועגען די מענשען, וועלכע געהערען ניט צו סאָסייעטיס. יענע מענשען, פלעגען זיי זאָגען, זענען איינזאַם און עלענד. עס איז זיי איינזאַם ווען זיי לעבען און זיי זענען עלענד ווען זיי שטאַרבען. ווען זיי שטאַרבען קימערט קיינעם ניט. אבער ווען א סאָסייעטי־ברודער שטאַרבט, אפילו אינמיטען נאַכט, מאַג מען אויפוועקען דעם סעקרעטאַר און איהם לאָזען וויסען . . . אפילו אין אַ זאַווערוכע . . . אַ שטורעם . . . קאָן מען אַלץ לאָזען וויסען דעם סעקרעטאַר . . . און דער סעקרעטאַר לאָזט שוין וויסען דעם און יענעם . . . ווען מען דאַרף . ، עס מאַג דונערען און בליצען . . . מען קומט צום געשטאַרבענעם ברודער . . . מען לאָזט איהם ניט אליין . . מען באַזאָרגט איהם מיט אַ לויה — אַ ברודער־ליכע לויה . . .

אַזוי פלעגען די אָפיסערס רעדען צו די נייע אימיגראַנטען־מיטגלידער וועגען דער וויכטיגקייט פון זיין אַ „ברודער“ אין דער סאָסייעטי.

* * *

פאַר דעם איינגעוואַנדערטען איד האָט די סיק בענעפיט סאָסייעטי געמיינט זעהר פיל.

דאָרט האָט ער זיך באַגעגענט מיט פאַרשידענע מענשען, לאַנדסלייט און פריינד. צווישען זיי האָט ער זיך געפיהלט ווי א „ברודער“ צווישען „ברידער“.

פאַר איהם איז געווען אינטערעסאַנט צו דערוויסען זיך פון די פרנסות פון וועלכע די „ברידער“ מאַכען אַ לעבען. די פרנסות זענען געווען פאַרשיידענע: איינער האָט געהאַנדעלט מיט זעק; אַ צווייטער האָט געפעדעלט מיט באַנאַנעס און גרינצייג; אַ דריטער פלעגט ארומפאָרען איבער די קאַנטריס און איינקויפען פעלכלאַד, הינער און אייער; אַ פערטער איז געווען אַן אַגענט פון ביי־מאַשינען; אַ פינפטער האָט געהאַט אַ דזשאַנק־שאַפּ אין פאָינט סט. טשאַרלס, אדער אַ סעקאַנד־הענד סטאָר אין קרעיג סטריט, אדער סט. אַנטוואַין סטריט; אַ זעקסטער איז געווען אַ גראָסערימאַן א. אַז. וו., א. אַז. וו.

פון אַט די „ברידער“ פלעגט ער קריגען עצות און אַנווייזונגען ווי צו פאַר־בעסערען זיין לאַגע, ער זאָל זיך קאָנען שנעלער „אַרויפאַרבייטען“ אין דער נייער היים.

אויב ער איז, למשל, געווען אַן אומצופרידענער שאַפּ־אַרבייטער פלעגען זיי איהם ראַטען צו פאַרלאָזען דעם שאַפּ און אנווייזען ווי ער קאָן ווערען אַ ביזנעסמאַן און אַרבייטען פאַר זיך אַליין.

דער גראָסערימאַן פלעגט איהם דערציילען ווי לייכט מען קאָן דאָ עפענען אַ גראָסערי אפילו ווען מען האָט ניט דערצו קיין שום ערפאַרונג. היימישע מלמדים און שדכנים, פלעגט ער זאָגען, האָבען דאָ געעפענט גראָסעריס און עס געהט זיי גוט. זיי מאַכען אַ פיינעם לעבען, ניט צו פאַרזינדיגען.

דער קאַנטרי־פעדלער פלעגט ראַטען דעם אומצופרידענעם שאַפּ־אַרבייטער צו

געהן אין האלסייל, נעהמען אַ פעקעל סחורה און זיך לאָזען אין די קאַנטריס . . .
עס מאַכט ניט אויס אין וועלכע קאַנטריס . . . די פאַרמערס זענען אומעטום די זעלביגע . . . זיי זענען לייטישע מענשען . . . ווען אַ איד אַ פעדלער קומט אריין צו זיי, נעהמען זיי אויף זעהר פריינדליך. מען קאָן מיט זיי האַנדלען . . . מען קאָן צו זיי רעדען אויף שטום־לשון . . . מיט די הענט . . . ביינאַכט לאָזען זיי איבערשלאָפען . . . מיט'ן גרעסטען פאַרגעניגען . . .

פון דעם באַנאַנע־פעדלער פלעגט ער קריגען אַן עצה צו קויפען אַ פערד־און־וואַגען און אַנהויבען פעדלען מיט באַנאַנעס און גרינצייג . . . דאָ אין לאַנד, פלעגט ער זאָגען, איז ניט קיין חרפה ארומצופאָרען מיט אַ פערד־און־וואַגען. ער פלעגט אַנווייזען אויף זיך אליין. אין דער אַלטער היים איז ער קיינמאָל ניט געשטאַנען נעבען אַ פערד. דאָ האָט ער זיך אויסגעלערנט גרינג . . . אַ קליינע חכמה! האָט זיך גענומען דערצו און — גאָט צו דאַנקען! . . . האָט שוין אריבערגענומען די גאַנצע פאַמיליע . . . אויסגעצאָלט פאַר אַלע שיפסקאַרטען און מאַכט אַ פיינעם לעבען . . . קומט זומער שיקט ער די ווייב אין קאַנטרי — אין סט. סאָפי . . . אדער ניו גלאַסגאָו . . . ער האָט צו קאָלאמבוס'ן גארניט דערלעגט . . .

אַזוי פלעגען די „ברידער'' געבען עצות און אַנווייזונגען ווי אַרויסצוגעהן פון שאַפ און אַנפאַנגען ביזנעס פאַר זיך אליין. צו אַנהויבען אַ שטיקעל געשעפט, פלעגען זיי ערקלערען, איז נויטיג קאַפּיטאַל . . . ס'איז נויטיג אַ סומע פון 100 דאָלאר אדער 150. אַזאַ סומע קען מען לייען — פלעגען זיי אַנווייזען, ביי דער גמילות חסדים סאָסייעטי, וועלכע לייהט אויב מען האָט נאָר צוויי „אינ־דאָרסערס'' (גוט־זאָגער). די „ברידער'' זענען געווען שטאַרק באַגייסטערט פון דער „גמילות חסדים'' סאָסייעטי. זיי פלעגען רעדען מיט גרויס רעספעקט וועגען מר. ז. פיינבערג, דעם גרינדער פון דער דאָזיגער סאָסייעטי, וועלכע לייהט פאַר פאַרשידענע צוועקען — צו קויפען אַ פערד־און־וואַגען פאַר אַ פעדלער, צו איינשטעלען אַ גראָסערקע, צו קויפען ניי־מאַשינען פאַר אַ קליינעם שניידער־שאַפ, צו קויפען שיפסקאַרטען אַרונטערצוברענגען נאָהענטע קרובים א. ד. ג. די „ברידער'' פלעגען זיך אַנבאָטען צו אונטערשרייבען פאַר'ן אימיגראַנטישען „ברו־דער'' אין דער גמילות חסדים סאָסייעטי אויב ער, דער „ברודער'' איז גרייט צו אַנפאַנגען ביזנעס פאַר זיך אליין.

אַט די אינפאַרמאַציעס וואָס דער אימיגראַנטישער איד פלעגט קריגען פון די „סאָסייעטי־ברידער'' זיינען געווען וועהר וויכטיג פאַר איהם. פילע היינטיגע גרויסע געשעפטסלייט, וועלכע פיהרען געשעפטען אויף צענדליגע אדער הונדערטע טויזענטער דאָלארען וועלען זיך דערמאַנען, אַז זיי, אדער זייערע טאַטעס, האָבען אַנגעפאַנגען די דאָזיגע גרויסע געשעפטען אַ דאַנק די עצות און אַנווייזונגען פון אימיגראַנטישע אידען מיט אַ קאַפּיטאַל פון 100 אדער 200 דאָלאר געליהען ביי פריינד, לאַנדסלייט, אדער ביי דער גמילות חסדים סאָסייעטי.

בעת די מיטינגען זענען אַנגעגאַנגען האָט מען פאַרהאַנדעלט די פאַרשי־

דענע פראבלעמען פון דער סאסייעטי. צווישען די פראבלעמען פלעגט מען זעהר אפט רעדען וועגען סעמעטערי.

בעת מען האט פארהאנדעלט אט דעם פראבלעם האט דער אימיגראנטישער איד זיך דערוואוסט, אז מאנטרעאלער אידען האבען אויך פראבלעמען פון טויט.

ער האט אויסגעפונען, אז פון צייט צו צייט שטארבען אימיגראנטישע אידען איידער זיי האבען זיך „אויסגעגרינט" און איידער זיי האבען זיך „ארויפ־געארבייט" . . .

אמאל שטארבט א שניידער אדער א קלאוקמאכער פון שווינדזוכט, וואס ער האט געקראגען ארבייטענדיג אין די סוועט־שעפער.

אמאל שטארבט א קאנטרי־פעדלער, ווייל א טריין איז אנגעלאפען אויף זיין פערד־און־וואגען בעת ער איז דורכגעפארען א באהן קרייץ־וועג.

אמאל שטארבט א מוליער (א בריקלייער), ווייל ער איז ארונטערגעפאלען פון א הויכען מויער בעת ער האט געטראגען ציגעל.

דער אימיגראנטישער איד איז געווען גערירט ווען ער האט געהערט אזעלכע נעשיכטעס. ער האט דעריבער געפיהלט, אז ער נויטיגט זיך שטארק אין דער פראטעקציע פון דער סאסייעטי, כאטש ער האט געפיהלט וועגען זיך פערזענליך, אז ער האלט נאך ווייט פון שטארבען און פון סעמעטערי. ער האט געטראכט וועגען זיך, אז ער איז געקומען אין א נייער לאנד און פאר איהם פאנגט זיך אן א נייער לעבען . . . די סעמעטערי האט נאך צו איהם א קנאפע שייכות . . .

דארט, אין דער סאסייעטי, האט ער אויך באגעגענט א „ברודער", וואס האט אויסגעזעהן אינטעליגענטער, אריסטאקראטישער, געבילדעטער און אויס־געגרינטער פון אלעמען. אט דער „ברודער" פלעגט רעדען זעהר פריינדליך צו אלעמען, און האט אויך פארפיהרט א שמועס מיט איהם. ער האט צו איהם גערעדט וועגען אן אינטערעסאנטע זאך — אינשורענס.

אט דער „ברודער" איז געווען אן אינשורענס־אגענט. ער האט געגעבען צו פארשטעהן דעם אימיגראנט, אז אפילו ווען מען איז א „ברודער" אין דער סאסייעטי און מען איז באזארגט מיט קראנקען־בענעפיט און מיט סעמעטערי איז מען נאך אלץ איינזאם און עלענד אויב מען האט ניט קיין אינשורענס־פאליסי. די אינשורענס קאמפאני נעמט א קליינעם אפצאל און דערפאר, ווען דער „אינשורטער" שטארבט, אפילו אויפ'ן צווייטען טאג, קריגט די פאמיליע א גרויסע סומע — טויזענט דאלאר אין מזומן . . . ס'איז א פארמעגען! . . . אויב מען שטארבט ניט אין די קומענדע 20 יאהר דאן קריגט מען א גרויסע סומע געלד אין די הענט, בעת מען לעבט . . .

פאר דעם אימיגראנטישען איד איז געווען שווער אפצוזאגען דעם אינשורענס־אגענט, וועלכער האט גערעדט אזוי פריינדליך און צודרינגליך. דעם אימיגראנט האט זיך געדוכט, אז דער „ברודער" אינשורענס־אגענט איז זיין בעסטער פריינד, וועלכער זארגט מעהר ווי אימיצער אנדערש פאר זיין צוקונפט און פאר זיין תכלית. איז ער ווידער געגאנגען צום דאקטאר, ווידער זיך געלאזט אונטערזוכען

אויב ער איז פאַסיג פיזיש צו קריגען אן אינשורענס־פאַליסי. ווען ער האָט גע־
קראָגען זיין אינשורענס־פאַליסי האָט ער זיך געפיהלט נאָך מעהר היימישער און
זיכערער און באַשיצט און מעהר צוגעבונדען צום נייעם לעבען אין דער נייער היים.

# אין אַרבּייטער רינג

מאַנכע פון די אימיגראַנטישע אידען, וועלכע זענען געווען ראַדיקאַל געשטימט, אָדער וועלכע האָבּען געהאַט נאָהענטע פריינד און קרובים ראַדיקאַלען, פּלעגען זיך אַנשליסען אַן דעם „אַרבּייטער רינג".

דער „אַרבּייטער רינג" פלעגט געבּען די זעלבּיגע בּענעפיטען וואָס די „סיק־בּענעפיט" סאָסייעטיס, אָבּער דאָרט איז געווען אינגאַנצען אַן אַנדער אַטמאָספערע, אַן אַנדער סאָרט געזעלשאַפטליכקייט.

צום אַרבּייטער רינג פלעגען דאַן געהערען מיליטאַנטישע סאָציאַליסטען, אַנאַרכיסטען און אַנדערע „אויפגעקלערטע אַרבּייטער".

די אָפּיסערס און מיטגלידער פון אַרבּייטער רינג זענען געווען מערסטענס שאָפּ־אַרבּייטער. עס זענען אויך געווען אַבּיסעל געשעפטסלייט, אָבּער אויך די געשעפטסלייט פלעגען רעדען און האַנדלען ווי אַרבּייטער.

די אימיגראַנטען, וועלכע זענען אָנגעקומען אין מאָנטרעאַל נאָך 1905 האָבּען אין „אַרבּייטער רינג" זיך בּאַגעגענט מיט אַזעלכע אידען, וועלכע האָבּען אין רוסלאַנד זיך בּאַטייליגט אין דער רעוואָלוציע געגען צאַר און וועלכע האָבּען געקעמפט אויף בּאַריקאַדען אין מינסק און אין ווילנע און אין אַנדערע שטעט פון אידישען תחום המושב; מאַנכע פון זיי זענען געזעסען אין צאַרישע טורמעס, אָדער געווען אויפ'ן וועג קיין סיבּיר פון וואַנען זיי זענען אַנטלאָפען און אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל. דאָ זענען זיי געוואָרען שניידערס און קלאָוקמאַכערס אָדער קליינע געשעפטסלייט.

אין „אַרבּייטער רינג" פלעגען זיך פיהלען היימיש מערסטענס די איינגעוואַנדערטע אימיגראַנטען פון רוסלאַנד, וועלכע האָבּען אין דער אַלטער היים בּייגעוואוינט אָדער דורכגעמאַכט די ניט־געלונגענע רעוואָלוציע געגען צאַר, און זענען געווען פאַרבּונדען מיט'ן „בּונד" און מיט אַנדערע סאָציאַליסטישע גרופּעס אין די שטעט און שטעטלאַך פון וואַנען זיי זענען געקומען. אין „אַרבּייטער רינג" האָבּען אַט די אימיגראַנטען געפונען די אַטמאָספערע וואָס איז געווען מעהר־וועניגער ענליך צו דער אַטמאָספערע וואָס האָט געהערשט אין יענע רעוואָלוציאָנערע קרייזען צו וועלכע זיי זענען געשטאַנען נאָהענט אין דער אַלטער היים.

די אָפּיסערס פון „אַרבּייטער רינג" זענען אין יענער צייט געווען — טעאָרעטיש — שטאַרקע געגנער פון כלל־ישראל אידישקייט. אַזוי זענען אויך געווען אַ טייל פון די מיטגלידער. זיי האָבּען זיך בּאַצויגען נעגאַטיוו צו אָרטאָדאָקסישער אידישקייט און צו רעליגיע בּכלל. זיי זענען אויך געווען שטאַרקע געגנער פון אַלע סאָרטען ציוניסטישע טעטיגקייט. זיי האָבּען שטאַרק געגלויבּט אין אינטערנאַציאָנאַליזם. די הייליגסטע לאָזונג איז בּיי זיי געווען: „אַרבּייטער פון אַלע לענדער פאַראייניגט אייך".

דער נייער מיטגליד אין „ארבייטער רינג“ פלעגט אפט הערען לעקציעס און רעפעראטען איבער סאציאליסטישע טעמעס. אין יענער צייט האבען סאציאליסטישע פיהרער געגלויבט, אז באלד ווי מען וועט אויסקעמפען א 44־שעה'איגע ארבייטס-וואך וועט מען קאנען לייכט איינפיהרען די סאציאלע רעוואלוציע. דעריבער איז דער ציל פון א 44־שעה'איגער ארבייטס־וואך געווען איינער פון די וויכטיגסטע צילען פון די סאציאליסטען אין יענער צייט.

ווען מיטגלידער פון „ארבייטער רינג“ פלעגען זיך צוזאמענקומען צו א פארוויילונג פלעגען זיי זינגען רעוואלוציאנערע לידער, אידישע און רוסישע, וועלכע מען פלעגט זינגען אין רוסלאנד אין דער צייט פון דער 1905 רעוואלוציע. צווישען די רוסישע לידער איז דאן געווען פאפולער די רעוואלוציאנערע טורמע-ליד „סאלנצע ווסכאדיט אי זאכאדיט א וו' טיורמע מאיעי טיעמנא“ (די זון געהט אויף און פארגעהט און אין מיין צעל איז פינסטער). ביי א סך פון אזעלכע פארוויילונגען פלעגט מען זאמלען געלד צו שטיצען די רוסישע רעוואלוציאנערען, וועלכע האבען געשמאכט אין די טיורמעס.

ביי אט די סאציאליסטען זענען געווען זעהר טייער די טראדיציעס פון די רוסישע רעוואלוציאנערען. דער ערשטער מאי איז געווען א גרויסער יום־טוב, וואס פלעגט געפייערט ווערען מיט א פאראד צום שאמפ־דע־מארס. נאכ'ן פאראד פלעגט פארקומען א גרויסער קאנצערט און מאס-מיטינג אין „לייבאר טעמפעל“ אדער אין פרינץ ארטור האל.

דער פאראד פלעגט זיך ציהען איבער מיין סטריט און עס פלעגען מארשירען מערסטענס אידישע ארבייטער. אין די שפעטערדיגע יאהרען פלעגען אויך זיין גרעסערע צאלען ארבייטער פון פארשידענע נאציאנאליטעטען. דארט, אויפ'ן שאמפ־דע־מארס פלעגען די מארשירער זיך איינטיילען אין פארשידענע שפראכען־גרופעס און יעדע שפראך-גרופע האט זיך געהאט איהר באזונדערען „אפען עיר“ מיטינג. די אידישע גרופע איז שטענדיג געווען די אימפאזאנטסטע און גרעסערע. די רעדנער, אין אלע שפראכען, פלעגען רעדען וועגען דעם ווי וויכטיג עס איז צו פאראייניגען די ארבייטער פון אלע לענדער און צו קעמפען פאר א 44-שעה'איגער ארבייטס־וואך. דער גלויבען, אז מען קאן פאראייניגען די ארבייטער פון אלע לענדער האט באהערשט אלע מיטגלידער פון „ארבייטער רינג“ און אלע סאציאליסטיש־געשטימטע מענשען פון יענער צייט ביז עס האט אויסגעבראכען די גרויסע וועלט-מלחמה פון 1914, ווען איין טייל פון די אייראפייאישע ארבייטער איז געגאנגען אין קריג געגען א צווייטער טייל.

די ראדיקאלע איינפלוסען אויף די מיטגלידער פון „ארבייטער רינג“ זענען געקומען דער עיקר פון ניו יארק — פון „פארווערטס“, וועלכער איז דאן געווען מיליטאנטיש-ראדיקאל און פון דער „פרייער ארבייטער שטימע“, דער וועכענטליכער ארגאן פון די אידישע אנארכיסטען אין אמעריקע.

פון צייט צו צייט פלעגען אויך קומען ראדיקאלע לעקטשורערס און רעדען איבער סאציאליסטישע און אנארכיסטישע טעמעס.

די אימיגראַנטישע אידען, וועלכע זענען געוואָרען מיטגלידער פון „אַרבייטער רינג׳׳ זענען איבערראַשט געוואָרען ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז דאָ אין קאַנאַדע, וואו עס איז ניטאָ קיין „צאַר׳׳, וואו יעדער איינער איז פריי צו טאָן וואָס ער וויל און וואו מען מאַכט ניט קיינע דיסקרימינאַציעס געגען אידען, זאָלען זיך געפינען אַזוי פיל סאָציאַליסטישע שרייבער און דיכטער און רעדנער, אַזוי ווי אין דער אַלטער היים, אין רוסלאַנד. זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז אַרום „פאָרווערטס׳׳ און אַרום דער „פרייער אַרבייטער שטימע׳׳ און דער „צוקונפט׳׳ זענען פאַראַן קרייזען פון סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער און שרייבער, וועלכע שרייבען און דענקען און רעדען פונקט אַזוי ווי זיי וואָלטען געלעבט אין רוסלאַנד, אין דעם אַקטיווען רעוואָלוציאָנערען קאַמף געגען דעם צאַר.

אַ צאָל פון אָט די שרייבער און רעדנער, האָבען זיי אויסגעפונען, זענען אַליין פרישע אימיגראַנטען, וועלכע האָבען ניט לאַנג צוריק איינגעוואַנדערט פון מינסק אָדער פון ווילנע, אָדער פון וואַרשע, וואו זיי האָבען זיך אַקטיוו באַטייליגט אין דער רעוואָלוציע געגען צאַר און זענען אַנטלאָפען פון דער אַלטער היים כדי ניט אריינצופאַלען אין דעם צאַר׳ס טיורמעס. אַנדערע זענען געקומען קיין אַמעריקע נאָך אַ לאַנגע, לאַנגע צייט פריהער, נאָך איידער די 1905 רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבען אין רוסלאַנד. כמעט אַלע ראַדיקאַלע שרייבער אין יענער צייט האָבען געגלויבט, אַז אויב מען וועט באַקעמפען רעליגיע און אויב מען וועט עלימינירען נאַציאָנאַלע סענטימענטען און שטימונגען ביי די אידישע מאַסען וועט מען קומען שנעלער צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אויך אָט דער גלויבען איז צושטערט געוואָרען אין די שפּעטערדיגע יאָהרען, דער עיקר אין די יאָהרען פון דער ערשטער גרויסער וועלט־מלחמה, ווען די מערסטע ראַדיקאַלע שרייבער פון „פאָרווערטס׳׳ און פון אַנדערע ראַדיקאַלע צייטשריפטען און זשורנאַלען, האָבען זיך אָנגעהויבען אינטערעסירען מעהר מיט די ספּעציפישע אידישע רעטונגס־פּראָבלעמען ווי מיט דעם אַבסטראַקטען אידעאַל פון אינטערנאַציאָנאַליזם און מיט דער שטרעבונג צו פאַראייניגען די אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

# צווישן די אָרימע

אין דעם אימיגראַנטען פעריאָד איז דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען געווען ניט רואיג. אימיגראַנטישע אידען האָבען שטענדיג געהאַט איבער וואָס צו אמפּערען זיך.

עס איז שטענדיג אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישען דעם „אַפּטאַון'' און דעם „דאַונטאַון''. די דאַונטאַונער זענען געווען די נאַר־וואָס אויסגעגרינטע אידען, וועלכע האָבען געוואָלט קריגען אַלץ מעהר דעה אין געזעלשאַפטליכען לעבען. די אַפּטאַונער האָבען געוואָלט אָנהאַלטען די העגעמאָניע און געקוקט מיט אומטרוי אויף די אידען פון דאַונטאַון.

די דאַונטאַונער זענען געווען צוטיילט אין פאַרשידענע פראַקציעס. עס זענען געווען פאַרשיידענע פּאָליטישע גרופּעס, וועלכע האָבען שטענדיג אָנגעפיהרט מחלוקת'ן איבער פאַרשיידענע קהל'שע פּראָבלעמען וואָס פלעגען אַרויפשווימען אויף דער אידישער גאַס.

די אַמאָליגע פּראָבלעמען זענען געווען קליינע און אומוויכטיגע לגבי די אידישע פּראָבלעמען פון היינט. אין די רעליגיעזע קרייזען פלעגען עס זיין מערסטענס פּראָבלעמען וועגען בשר־כשר מחלוקת'ן און וועגען סכסוכים צווישען צוויי צדדים שוחטים און רבנים. אין די „וועלטליכע'' קרייזען פלעגט מען שטענדיג זיך אַמפּערען איבער אַבסטראַקטע סאָציאַלע פילאָזאָפיעס און נאַציאָנאַלע טעאָריעס, וועלכע מען האָט געוואָלט צופּאַסען צום רעאַליסטישען לעבען אין דער אידישער גאַס.

דערצו איז שטענדיג געווען דער פאַרביטערטער קלאַסען־קאַמף, דער קאַמף צווישען באַלעבאַטים און אַרבייטער.

אַ גרויסער טייל פון די אַרבייטער איז געווען פאַרביטערט צוליב די שווע־ריגקייטען פון נויט און אָרימקייט.

די מערסטע אַרבייטער זענען געווען אין די נאָדעל־טרעידס. עס זענען אויך געווען איינפאַכע אַרבייטער, ניט־קוואַליפיצירטע לייבאָרערס.

אין יענער צייט פלעגען אַ סך אידען טאָן ניט־קוואַליפיצירטע אַרבייט. דער פאַרלאַנג אויף „לייבאָרערס'' איז דאַן געווען גרויס. ווען מען פלעגט בויען אַ גרויסע געביידע פלעגט מען מוזען נוצען גרויסע מאַסען „לייבאָרערס'' צו גראָבען דעם פונדאַמענט. „סטים שאָוועלס'' זענען נאָך דאַן ניט געווען. אַ גרעסערע צאָל אידישע אַרבייטער האָט געאַרבייט ביי געביידעס, אָדער אַלס „לייבאָרערס'' אָדער אַלס קוואַליפיצירטע בעל־מלאכות. די „לייבאָרערס'' האָבען פאַרדינט ווייניג, אָבער מאַנכע פון די קוואַליפיצירטע בוי־אַרבייטער האָבען מיט דער צייט זיך אַרויפגעאַרבייט און געוואָרען גרויסע בוי־קאָנטראַקטאָרס — און געבויט וויכטיגע געביידעס ביי אונז אין שטאָט.

ווי געזאָגט: אַ גרויסע טייל פון די אידישע אַרבייטער איז געווען זעהר אָרים.

איבערהויפט האבען געליטען פון ארימקייט אזעלכע ארבייטער, וועלכע האבען געהאט גרויסע פאמיליעס. אויב אן ארבייטער האט געהאט א געזונטע און פעהיגע פרוי, וועלכע האט געקאנט גוט קאכען, דאן איז זיין לאגע געוועזן בעסער. ער פלעגט דינגען א גרעסערע הויז און אריינגעהמען „באָרדערס". דאס האט געמיינט זעהר שווערע ארבייט פאר דער פרוי, אבער עס האט פיל ארויסגעהאָלפען אין דער פרנסה. מיט דער הכנסה פון די באָרדערס האט ער געקאנט מאכען א לעבען, און נאך שפּארען א דאלאר.

שניידערס און קלאוקמאכער פלעגען פארדינען פיל מעהר פון זויפיל עס האבען פארדינט די ניט־קוואליפיצירטע ארבייטער. זיי פלעגען, נאטירליך, זיין בעסער געקליידט און געוואוינט אין אביסעל שעהנערע וואוינונגען. די ניט־קוואליפיצירטע ארבייטער פלעגען וואוינען מעהרסטענס אין די קליינע געסלאך ארום קרעיג סטריט און נאטרע דיים סטריט, וואו מען פלעגט צאָלען 8 אדער 10 דאלאר א חודש רענט. די שניידערס פלעגען וואוינען העכער ארויף, צווישען דארטשעסטער און אנטעריא, צווישען סט. אורביין און סענגינעט. די נאך־בעסער באצאלטע שניידערס פלעגען וואוינען אין די זעלביגע גאסען, אבער העכער פון שערברוק סטריט, ביז ארום דולוטה סטריט, וואו מען פלעגט צאָלען 12 און 15 דאלאר א חודש פאר א הויז.

שניידערס און קלאוקמאכער פלעגען טאקע, ווי געזאגט, פארדינען בעסער פון אנדערע ארבייטער, אבער זיי פלעגען ארבייטען בלויז אין סעזאנען. עס פלעגען אוועקגעהן עטליכע וואכען און אמאל עטליכע חדשים צווישען איין סעזאן און א צווייטען. אין אט דער צייט האבען זיי גארנישט פארדינט. זענען זיי דעריבער געווען פונקט אזוי ארים ווי די אנדערע ארבייטער.

אין די וואכען ווען די שניידערס און די קלאוקמאכער פלעגען ניט ארבייטען פלעגען זיי ווערען בעלי־חובות. זיי פלעגען זיך פארשולדיגען צו די גראסעריי־לייט, צו די בוטשערס און צו די לענדלארדס. ווען זיי פלעגען אנפאנגען ארביי־טען אין דעם סעזאן פלעגען זיי פון די פארדינסטען דארפען אויסצאָלען די חובות, וועלכע זיי האבען זיך פארשולדיגט אין דעם פעריאָד פון „סלעק". אפט פלעגט פאסירען, אז דער סעזאן איז געווען א קורצער. ער איז געווען אזוי קורץ אז ער פלעגט זיך ענדיגען איידער זיי האבען באוויזען אויסצוצאָלען זייערע חובות. האבען זיי שוין באדארפט ווייטער לייען און בארגען.

* * *

אין יענער צייט, ווען די אידישע ארבייטער האבען זיך באדארפט ראנגלען מיט אזעלכע פראבלעמען פון נויט און ארימקייט, האבען זיי ניט געקאנט זארגען פאר זייערע קינדער. זיי האבען ניט געקאנט קויפען פאר זייערע קינדער שעהנע ווארימע קליידער און האבען אויך ניט געקאנט געבען די קינדער א גוטע ערציאונג. עס האבען דאן זעהר ווייניג שניידערס, קלאוקמאכערס, בעקערס און ניט־קוואליפיצירטע ארבייטער געקאנט שיקען זייערע קינדער אין היי־סקול. אין די מעהרסטע פאלען פלעגען זיי שיקען זייערע קינדער ארבייטען צו 13 אדער 14

יאָהר. עס איז געווען שווער צו געפינען אַ „דזשאָב" פאַר אַ קליינע 13־יאָהריגע מיידעל, אָבער מיט אַ אינגעל פלעגט מען זיך געבען זעהר לייכט אַן עצה. מען האָט איהם געשיקט פעדלען מיט צייטונגען. ער פלעגט פאַרקויפען אין גאַס די טעגליכע צייטונגען פון שטאָט, וועלכע האָבען געקאָנט צו איין סענט אַ שטיק.

אין יענער צייט פלעגען אַ סך אינגלאַך אַרומלויפען איבער סט. קעטרין סטריט, סט. דזשיימס סטריט, נאָטרע דיים סטריט און אַנדערע וויכטיגע גאַסען און פאַר־קויפען צייטונגען. דאָס זענען געווען אידישע אינגלאַך, זיהן פון שניידערס און פון קלאָוקמאַכער און פון ניט־קוואַליפיצירטע אַרבייטער. די צייטונגען פלעגען זיי פאַרקויפען סיי זומער, סיי ווינטער. מיט די קליינגעלד וואָס זיי פלעגען ברענגען אַהיים האָבען די עלטערען זיך באַהאָלפען צו באַלאַנסירען זייערע אָרימע בודזשעטען. אין צייט פון סטרייקס פלעגט מען אין פילע פאַמיליעס לעבען בלויז פון די געלדער וואָס די קינדער פלעגען פאַרדינען פעדלענדיג מיט צייטונגען. אַ סך אינגלאַך האָבען דערביי זיך דערוואָרבען געשעפטליכע פעהיגקייטען, וועלכע זיי האָבען אויסגענוצט שפּעטער, בעת זיי זענען געוואָרען גרויס. אַ דאַנק די געשעפטליכע ערפאַרונגען וואָס זיי האָבן גקראָגן אַלס „ניוס באָיס" האָבען זיי אנגעפאַנגען קליינע געשעפטען כדי זיי זאָלען ניט זיין אַזעלכע אַרבייטער ווי זייערע טאַטעס. מאַנכע פון אָט די קליינע געשעפטען האָבען זיך ענטוויקעלט און געוואָרען גרויס. פילע פון די איצטיגע עלטערע געשעפטסלייט וועלען זיך דערמאָנען, אַז מיט אַרום 40 יאָהר צוריק, ווען זיי זענען געווען קליין, האָבען זיי אנגעפאַנגען זייערע געשעפטליכע קאַריערעס אַלס פעדלער פון צייטונגען.

# קלאַסען איינטיילונג

אין דעם אימיגראַנטישען פעריאָד, ווען אַרבייטער האָבען זיך געראַנגעלט מיט נויט און אָרימקייט, איז די קלאַסען־איינטיילונג געווען זעהר שאַרף. אין געזעלשאַפטליכען אידישען לעבען האָט זיך עס געשפּירט אויף שריט און טריט.

אין אַלגעמיינעם געזעלשאַפטליכען לעבען האָבען אַרבייטער גענומען אַ טיכטיגען אַנטייל, אָבער ווי אַ באַזונדער קלאַס. מיט די ניט־אַרבייטער פלעגען זיי זיך אַמפּערען אין אַלע פראַגען, אפילו אין אַזעלכע וועלכע האָבען גאָרניט צו טאָן מיט קלאַסען־אינטערעסען.

ווען מען פלעגט רופען אַ קאָנפערענץ פון אָרגאַניזאַציעס און סאָסייעטיס וועגען אַ קהל׳שען ענין פלעגען די פאָרשטעהער פון די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס זיך פאַרהאַלטען ווי אַ באַזונדער גרופּע און רעדען אינגאַנצען אַנדערש ווי די אַנדערע דעלעגאַטען, וועלכע זיי פלעגען באַצייכענען אַלס „בורזשועןʼʼ. אַ סך פון זיי פלעגען האַלטען לאַנגע רעדעס וועגען סאָציאַליזם און ציטירען סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער אפילו ווען מען האָט דעבאַטירט וועגען קליינע אומבאַדייטענדע זאַכען. מאַנכע פון די ניט־סאָציאַליסטישע דעלעגאַטען פלעגען אויסהערען מיט רעספּעקט די דאָזיגע רעדעס, בעת אַנדערע פלעגען זיך קאָכען אויף די „ראַדיקאַלעןʼʼ און זיך קריגען מיט זיי.

און די אַרבייטער־גרופּעס זענען אויך געווען צוריסען צווישען זיך. שטענדיג איז אַנגעגאַנגען צווישען זיי אַ אידעאָלאָגישער קאַמף, וואָס האָט זיך געפיהלט שטאַרק אויף דער אידישער גאַס.

דריי פאַרשיידענע אידעאָלאָגישע גרופּעס האָבען שטענדיג געקעמפט פאַר דעם איינפלוס איבער די אימיגראַנטישע אידישע אַרבייטער: די אַנאַרכיסטען, די סאָציאַליסטען און די פּועלי־ציוניסטען.

אין אָנפאַנג זענען די אַנאַרכיסטען געווען שטאַרק און די פּועלי־ציוניסטען — שוואַך. דעמאָלט האָבען זיך געקריגט די אַנאַרכיסטען מיט די סאָציאַליסטען. די פּועלי־ציוניסטען זיינען געווען צו שוואַך צו קריגען זיך.

נאָכהער האָט זיך די לאַגע געביטען: די פּועלי־ציוניסטען זענען געוואָרען שטאַרק און די אַנאַרכיסטען — שוואַך.

ווען דאָס איז געשעהן איז דער שטורמדיגער קאַמף אַנגעגאַנגען צווישען די סאָציאַליסטען און די פּועלי־ציוניסטען. די אַנאַרכיסטען זענען שוין געווען צו שוואַך צו קריגען זיך.

און געקריגט האָט מען זיך איבער דעם ווי מען זאָל איינאָרדענען די וועלט אויף מאָרגען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

סיי די אַנאַרכיסטען, סיי די סאָציאַליסטען, סיי די פּועלי־ציוניסטען זענען געווען זיכער, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע האַלט אין קומען און אַז עס איז די

אויפגאבע פון די ארבייטער צו קעמפען, אַז עס זאל קומען וואס גיכער. די שניי־דערס, די קלאוקמאכערס זיינען פון די אידישע ראַדיקאלען באַטראַכט געווארען פאַר'ן טייל פון „וועלט־פּראָלעטאַריאַט'', וואס דאַרף פאַרשנעלערען דעם אנקום פון דער סאָציאַלער רעוואלוציע.

די פראַגע איז אַבער געווען: וואס זאל מען טאָן אויף מארגען נ אַ ך דער סאָציאַלער רעוואלוציע? ווי זאל מען אָרגאַניזירען דעם לעבען פון די אַרבייטער אין אַ וועלט אָהן קאַפּיטאַליסטען?

די אַנאַרכיסטען האָבען געזאָגט, אַז עס מוז זיין אַ פרייע געזעלשאַפט, אָהן הערשער און אָהן באַהערשטע.

די סאָציאַליסטען האָבען גע'טענה'ט, אַז נאָך דער סאָציאַלער רעוואלוציע וועט מוזען זיין אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג מיט סאָציאַליסטישע פּאָליסלייט צו האַלטען אָרדנונג.

די פּועלי־ציוניסטען האָבען אויך געזאָגט, אַז עס מוז זיין אַ שטאַט אין אַ סאָצאַיליסטישער געזעלשאַפט. אַבער אַ סאָציאַליסטישער שטאַט, האָבען זיי גע'טענה'ט, וועט ניט לעזען דעם אידישען פּראָבלעם.

די סאָציאַליסטען האָבען גע'טענה'ט, אַז עס וועט יאָ לעזען.

די סאָציאַליסטען פלעגען זאָגען: אין אַ סאָציאַליסטישען שטאַט וועלען אַלע מענשען זיין גלייך; אַז די אידישע פראַגע וועט אויטאָמאַטיש פאַרענט־פערט ווערען פון זיך אליין.

די טראַדיציאָנעלע אידען האָבען פאַר די אַנאַרכיסטען זיך שטאַרק געשראָ־קען און געקוקט אויף זיי ווי אויף געפערליכע שונאים פון אידישקייט. מען פלעגט רעדען, אַז זיי רעספּעקטירען ניט די אָנגענומענע מאָראַל און אַז זיי אַגיטירען פאַר פרייע ליבע.

די סאָציאַליסטען זענען אידעאָלאָגיש אויך געשטאַנען ווייט פון די טראַ־דיציאָנעלע אידען, אָבער געגען זיי איז קיין פאַרביטערטקייט ניט געווען. די סאָציאַליסטען האָבען זיך געמישט מעהר מיט די איינפאַכע אימיגראַנטישע אידען.

די סאָציאַליסטען פלעגען זיין טיכטיגע טוער אין די יוניאָנס. דאָרט פלעגען זיי קומען אין באַריהרונג אויך מיט אָרטאָדאָקסישע אידען, וועלכע זענען געווען געטרייע יוניאָן־לייט. זענען זיי געווען פיל טאָלעראַנטער ווי די אַנאַרכיסטען.

די סאָציאַליסטען האָבען געהאַט אַ גרויסע פּרעסע. זייער הויפּט אָרגאַן איז געווען דער „פאָרווערטס'', וועלכער האָט שטענדיג געזוכט די פריינדשאַפט פון די איינפאַכע אימיגראַנטישע אידען. מיט דער הילף פון „פאָרווערטס'' איז דער איינפלוס פון די סאָציאַליסטען געווען שטאַרק אויף די אידישע אַרבייטער.

פאַר אַ לאַנגע צייט האָט מען אין „פאָרווערטס'' געשריבען שאַרפע אַרטיקלען געגען ציוניזם. מען פלעגט דאָרט אַטאַקירען ארץ ישראל אַלס לאַנד און ציוניזם אַלס באַוועגונג, וואס איז באַזירט אויף אַנטי־סאָציאַליסטישע פּרינציפּען. די פּועלי־ציוניסטען האָבען געקעמפט שווער צו פאַרטיידיגען ארץ ישראל אַלס פּאַסיגע קאָלאָניזאַציע לאַנד און ציוניזם אַלס באַוועגונג, וואס איז ניט אין ווידערשפּרוך צו סאָציאַליזם.

# עקסטרימיסטע'ן

די עקסטרימסטע צווישען די אידישע ראדיקאלען אין דער אימיגראנטישער פעריאדע זענען געווען די אנארכיסטען.

אין מאנטרעאל האבען אנארכיסטען זיך אנגעהויבען ווייזען נאך איידער דער איצטיגער יאהרהונדערט האט זיך אנגעהויבען. מאנכע פון זיי זענען געקומען דירעקט פון מזרח־אייראפא, אנדערע זענען געקומען פון ענגלאנד און אנדערע פון ניו יארק.

די יעניגע, וועלכע זענען געקומען פון ענגלאנד אדער פון ניו יארק זענען שוין ניט געווען קיין „גרינע". זיי האבען גערעדט גוט ענגליש און זענען געווען באלעזען אין דער ענגלישער ראדיקאלער ליטעראטור. זיי זענען געווען מעהר אונטער דער ווירקונג פון דער ראדיקאלער באוועגונג אין מערב־אייראפא, ווי פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג אין רוסלאנד.

צווישען די אנארכיסטען, וועלכע זענען געקומען פון ניו יארק זענען געווען אזעלכע וועלכע גרויסע פירמעס האט געבראכט אהער אלס עקספערטען און ערשט־קלאסיגע בעל־מלאכות אין געוויסע נאדעל־פאכען, ווי קלאוקס און וועיסטען. די „וועיסט" אינדוסטריע האט זיך דאן געהאלטען אין ענטוויקלען. אין אמעריקע איז די דאזיגע אינדוסטריע, אין יענער פעריאדע, געווען איינע פון די וויכטיגסטע אין די באקליידונג־פאכען. די מיידלאך און יונגע פרויען פלעגען דאן זיך פוצען ניט אין דרעסעס נאר אין „סקוירטס" (קליידלעך) און „וועיסטען". די „וועיסט" איז געווען דער הויפט־פוץ. א פולע דרעס פלעגט א מיידעל אנטאן נאר בעת זי איז געגאנגען צו א חתונה. די כלה פלעגט טראגען א חופה־קלייד. אבער אויף מארגען פלעגט זי זיך פוצען אין א קליידעל און א שעהנער בלוזקע, אדער אין א „סוט" געמאכט אין א קלאוק־שאפ.

ווען אין מאנטרעאל האט זיך גענומען ענטוויקלען די פרויען־באקליידונג אינדוסטריע האט מען ניט געקאנט קריגען דא אין לאנד די ערשט־קלאסיגע בעלי־מלאכות, די דעזיינער, די צושניידער, די פארלייט. מען האט זיי געמוזט ברענגען פון ניו יארק. דארט, אין ניו יארק, איז געווען א גרויסער צענטער פון אט די טרעידס. די דעזיינערס און פארלייט וואס מען האט געבראכט פון ניו יארק האבען דא געארבייט א שטיקעל צייט, אפגעשפארט אביסעל געלט און נאכהער געעפענט זייערע אייגענע שעפער און געווארען מאנופעקטשורדס און קאנקורירט מיט די באלעבאטים, וועלכע האבען זיי אהער געבראכט.

אט די ניו יארקער עקספערטען־ארבייטער האבען געבראכט קיין מאנטרעאל דעם שטורמדיגען ראדיקאליזם פון ניו יארק. מאנכע פון זיי זענען געווען אנארכיסטען. צווישען זיי זענען, נאטירליך, אויך געווען סאציאליסטען.

פון די פועלי־ציוניסטען האט מען ניט געהערט אין די לעצטע יאהרען פון פארי־גען יאהרהונדערט.

די אנארכיסטען זענען אין יענער צייט געווען פאראינטערעסירט אין אידישען לעבען בלויז אויף אזוי פיל אויף וויפיל זיי האבען געקאנט אריינברענגען די פראפאגאנדע פון אטעאיזם און אנטי־נאציאנאליזם צווישען די אידישע מאסען. צווישען זיי זענען געווען אזעלכע, וועלכע האבען אין זייערע יונגע יאהרען געלערנט אין ישיבות פון מזרח־אייראפא, געווען עקסטרים־פרום, נאר זענען באווירקט געווארען פון דער אנטי־רעליגיעזער פראפאגאנדע וואס די העברעאישע השכלה־שרייבער האבען אנגעפיהרט אין די זיבעציגער און אכציגער יאהרען. אויך א צאל פון די סאציאליסטישע טוער פון יענער צייט זענען געווען געוועזענע ישיבה־בחורים, וועלכע האבען פארלאזט די ישיבות צוליב דער ווירקונג פון די השכלה־שרייבער. נאכדעם ווי זיי זענען אריבער צו סאציאליזם אדער צו אנאר־כיזם האבען זיי אינגאנצען זיך אפגעטרייסעלט פון דער ישיבה־אטמאספערע, און אויך פון די העברעאישע השכלה־שרייבער ארום וועלכע עס האבען זיך געהאט געשאפען אין אייראפא קרייזען פון וועלטליכען נאציאנאליזם, וואס איז געווען דער באזיס פון מאדערנעם ציוניזם. אויסנאמען זענען געווען. מאנכע סאציא־ליסטישע שרייבער און דיכטער האבען אויף די עלטערע יאהרען זיך גענומען גריבלען אין „חכמת ישראל" און באשרייבען פיגורען פון דער אלטער אידישער ליטע־ראטור, אמאליגע העברעאישע דיכטער און מאראליסטען, וועלכע געהערען צו די זיילען פון דער אידישער טראדיציע און געשיכטע.

אין מאנטרעאל האבען די אנארכיסטען אנגעפיהרט זייער ארבייט דורך פראפאגאנדע, וואס איז באשטאנען אין פארשפרייטען די „פרייע ארבייטער שטימע", אנארכיסטישע בראשורען און דורך ברענגען לעקטשורערס פון ניו יארק.

עלטערע ראדיקאלען דערצעהלען, אז עס זענען געווען די אנארכיסטען, וועלכע האבען ארגאניזירט די ערשטע־מאי פאראדען אין מאנטרעאל.

אין פארבינדונג דערמיט ווערט איבערגעגעבען א כאראקטעריסטישער פאל:

איינער פון די אנארכיסטישע טוער, א „וועיסט"־מאנופעקטשורער, האט געהאט פארדרוס זעהענדיג, אז דער ערשטער מאי פאראד טראגט ניט קיין אינ־טערנאציאנאלען כאראקטער — בלויז אידען.

אין יענער צייט זענען שוין אין מאנטרעאל געווען אביסעל ארימע איטאליע־נער. איינער פון זיי איז געווען א קאטערינשטשיק. ער פלעגט שפילען אין גאס מיט דער קאטערינקע. צו איהם האט זיך געווענדעט דער אנארכיסט און אנגע־באטען א גאנצען דאלאר אויב ער וועט מארשירען מיט'ן ערשטען־מאי פאראד.

דער איטאליענער האט אנגענומען דעם פארשלאג, האט אוועקגעשטעלט די קאטערינקע און מארשירט אין פאראד.

אין יענעם טאג זענען די אנארכיסטען און די סאציאליסטען געווען זעהר צופרידען. זיי האבען אנגענומען, אז א קאטערינשטשיק איז אויך אן ארבייטער, וואס געהער צום „פראלעטארישען קלאס". דער פאראד האט אזוי ארום געטראגען

אַן אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער. עס איז געווען אין איינקלאַנג מיט דער לאָזונג: „אַרבייטער פון אַלע לענדער פאַראייניגט אייך".

נאָך אַ פּאַל ווערט דערציילט וועגען זעלביגען מאַנופעקטשורער, וואָס איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַנאַרכיסטען פון יענער צייט.

דער מאַנופעקטשורער און זיין שותף — אויך אַן אַנאַרכיסט — האָבען געהאַלטען פון קלאַסען־קאַמף. האָבען זיי צוליב דעם שטאַרק אונטערדריקט זייערע אַרבייטער.

זיי האָבען געוואָלט, אַז זייערע אַרבייטער זאָלען ווערען קלאַסען־באַוואוסטזיניג און קעמפעריש . . .

ווען די אַרבייטער האָבען זיך געקלאָגט, פלעגען די אַנאַרכיסטישע באַלעבאַטים זיי זאָגען: „אויב איהר ווילט פאַרבעסערען אייער לאַגע דאַרפט איהר זיך אָרגאַניזירען אין אַ יוניאָן".

ווען די אַרבייטער האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ יוניאָן, האָבען די באַלעבאַטים זיך באַרימט פאַר זייערע פריינד און גענאָסען, אַז זיי האָבען אויפגעטאָן אַ גרויסע זאַך — געמאַכט זייערע אַרבייטער באַוואוסטזיניג.

ווען די יוניאָן האָט געשטעלט פאָרלאַנגען צו פאַרבעסערען די לאַגע פון די אַרבייטער, האָבען די אַנאַרכיסטישע באַלעבאַטים געזאָגט: „נאָר דורך סטרייקס קאָן אַ יוניאָן אויסקעמפען באַדינגונגען פאַר די אַרבייטער".

די יוניאָן האָט גערופען אַ סטרייק.

זענען די אַנאַרכיסטישע באַלעבאַטים געווען צופרידען. זיי האָבען זיך באַרימט פאַר זייערע פריינד און גענאָסען, אַז זייערע אַרבייטער ווערען מיליטאַנטיש — זיי סטרייקען.

ווען די אַרבייטער האָבען „געפּיקעט" דעם שאַפּ האָבען די אַנאַרכיסטישע באַלעבאַטים גערופען פּאָליסלייט צו אַוועקטרייבען די סטרייקערס.

ווען די סטרייקערס האָבען זיך געשלאָגען מיט די פּאָליסלייט האָבען די אַנאַרכיסטישע באַלעבאַטים זיך ווידער באַרימט פאַר זייערע ראַדיקאַלע פריינד און גענאָסען: „מיר האָבען אויפגעטאָן גרויסע זאַכען: מיר האָבען באַווירקט די אַרבייטער צו זיין רעוואָלוציאָנערען, צו שלאָגען זיך מיט פּאָליסלייט" . . .

ערשט נאָכדעם ווי די אַרבייטער האָבען געוויזען, אַז זיי זענען גוואַלדיג פאַרביטערט האָבען די באַלעבאַטים געסעטעלט מיט דער יוניאָן.

# די ערשטע סאָציאַליסטען

אין מאָנטרעאל האָבען די ערשטע סאָציאַליסטען זיך אָנגעהויבען ווייזען אין די סאַמע ערשטע יאָהרען פון היינטיגען יאָהרהונדערט.

אין אָנפאַנג האָבען זיי קיין סך אויפמערקזאַמקייט ניט געצויגען. די אימיגראַנטישע אידען, וועלכע זענען געקומען אַהער אין די ערשטע יאָהרען פון היינטיגען יאָהרהונדערט האָבען געהאַט אַ קנאַפען באַגריף וואָס די סאָציאַליסטען ווילען. זיי האָבען בלויז געהערט איבערפלעכליך, אַז די סאָציאַליסטען געפעלט ניט וואָס מענשען זיינען איינגעטיילט אין רייכע און אָרימע און ווילען מען זאָל אויסגלייכען די געזעלשאַפט, עס זאָל ניט זיין קיין אונטערשייד צווישען איין קלאַס און אַ צווייטען. דאָס האָט דער דורכשניטליכער אימיגראַנט אָנגענומען איז אונמעגליך.

אַביסעל שפּעטער, ווען אין רוסלאַנד האָט זיך גענומען טומלען מיט דער רעוואָלוציע געגען צאַר, אין דער צייט פון דער רוסיש-יאַפּאַנעזישער מלחמה, האָבען אימיגראַנטישע אידען געהערט מעהר פון די סאָציאַליסטען.

אימיגראַנטען אידען אין יענעם פּעריאָד האָבען זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער רעוואָלוציע געגען צאַר און מיט דער מלחמה וואָס יאַפּאַן האָט געפיהרט געגען רוסלאַנד. די שנאה צום צאַר איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט זיך געפרעהט מיט יעדער מפּלה וואָס די צאַר'ס אַרמייען האָבען געליטען, כאָטש מען האָט געוואוסט, אַז אין דעם צאַר'ס אַרמייען דינען פילע אידען. פילע אידישע סאָלדאַטען פון דעם צאַר'ס אַרמייען האָבען טאַקע ביי דער ערשטער געלעגענהייט אַנטלאָפען און עמיגרירט קיין אַמעריקע אָדער קיין קאַנאַדע.

די אימיגראַנטישע אידען האָבען געלעבט מיט דער האָפנונג, אַז די סאָציאַליסטען אין רוסלאַנד וועלען אַרונטערוואַרפען דעם צאַרישען רעזשים און איינפיהרען פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלעמען. דער האַס צום צאַר'ס רעזשים איז געווען ניט בלויז דערפאַר וויל ער האָט טאָלערירט פּאָגראָמען געגען אידען, נאָר אויך דערפאַר, וויל רוסלאַנד איז געווען די איינציגע מדינה, וואו עס האָבען געהערשט אויסנאַהמס-געזעצען געגען אידען. רוסישע אידען האָבען ניט געטאָרט וואוינען אין געוויסע טיילען פון רוסלאַנד. זיי האָבען זיך אויך ניט געטאָרט פאַרנעמען מיט געוויסע געשעפטען און פּראָפעסיעס. די אידישע אימיגראַנטען, ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין קאַנאַדע, האָבען געהאַט גרויס פאַרגעניגען צו זעהן, אַז די עפענטליכע מיינונג אויף דער זייט ים איז פיינדליך צו רוסלאַנד. אפילו די סאָציאַליסטען האָבען געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר דעם גרויסען קאַפּיטאַליסט און מולטי-מיליאָנער דזשייקאָב שיף דערפאַר וואָס ער האָט דורך זיין באַנק געליען ריזיגע סומען געלט צו יאַפּאַן כדי צו פינאַנסירען די מלחמה געגען „צאַר".

ווי געזאָגט, די אידישע אימיגראַנטען האָבען ניט געגלויבט, אַז די סאָציאַ-

ליסטען וועלען קענען אויסגלייכען די געזעלשאפט, אוועקנעמען די פאבריקען און שעפער פון די קאפיטאליסטען און זיי איבערגעבען צום שטאט. זיי האבען אבער יא געגלויבט, אז די סאציאליסטען פון אמעריקע און קאנאדע קאנען העלפען די סאציאליסטען און די רעוואלוציאנערען פון רוסלאנד צו ארונטערווארפען דעם „צאר". זיי האבען אויך געגלויבט, אז די סאציאליסטען קאנען ארגאניזירען די ארימע שניידערס און קלאוקמאכער אין יוניאנס און אויסקעמפען בעסערע ארבייטס-באדינגונגען אין די שעפער, מען זאל ארבייטען אביסעל ווייניגער און פארדינען אביסעל מעהר, און מען זאל ניט האבען אויף זיך צופיל באלעבאטים: דעם פארמאן, דעם קאנטראקטאר, דעם סאב־קאנטראקטאר און דעם סאב־סאב־קנטראקטאר א. אז וו.

ווען סאציאליסטען פלעגען רעדען צו אימיגראנטישע ארבייטער וועגען מארקסיזם, אפשאפונג פון פריוואט־קאפיטאל, צוטיילונג פון רייכטימער — זענען די לעצטע געווען סקעפטיש, פונקט ווי מען וואלט צו זיי גערעדט וועגען פאנטאסטישע אוטאפיעס. אבער ווען מען האט צו זיי גערעדט וועגען אפשאפען סאב־קאנטראקטארס, העכערער לוין, קירצערע ארבייטס-שטונדען, זענען זיי געווען גוואלדיג באגייסטערט. ווען מען האט צו זיין גערעדט וועגען קאמף געגען צאריזם, קאמף פאר פרייהייט, פאר גלייכע אידישע רעכט זענען זיי אויך געווען באגייסטערט.

די ערשטע ארבייט וואס די אידישע סאציאליסטען האבען געטאן אין מאנטרעאל איז געווען צו פארשפרייטען די סאציאליסטישע צייטונג דעם „פארווערטס".

דער „פארווערטס" איז געווען די ערשטע אידישע צייטונג מיט וועלכער מען האט „געפעדעלט" אין מאנטרעאל. דער ערשטער פעדלער פון א אידישער צייטונג אין אונזער שטאט איז געווען ה. הערשמאן, וועלכער איז נאך אויך היינט דער אגענט פון „פארווערטס" און פון אנדערע אידישע צייטונגען.

איידער הערשמאן האט אריינגעבראכט דעם „פארווערטס" אין מאנטרעאל, האבען בלויז געציילטע אידען דא אין שטאט געלייענט א אידישע צייטונג — דאס איז געווען דער „טאגעבלאט".

דער „טאגעבלאט" פלעגט געשיקט ווערען צו אבאנענטען. דער אגענט, וועלכער פלעגט אננעהמען די אבאנענטען איז געווען ווילענסקי, וועלכער איז געווען דער ערשטער מוכר־ספרים'ניק אין מאנטרעאל.

ווילענסקי האט געהאט זיין געשעפט אויף דע בוליאן (דעמאלט קעדזשו) סטריט נעבען דארטשעסטער. ביי איהם פלעגט מען קריגען צו קויפען אויסער רעליגיעזע חפצים, ווי שיר־המעלות'ן, ציצית, תפילין, טליתים'לאך, אויך העפטען פון אידישע ראמאנען, וועלכע פלעגען זיך דרוקען אין ניו יארק.

דער „טאגעבלאט" איז, ווי געזאגט, געגאנגען בלויז צו אבאנענטען. אבער פעדלען מיט א צייטונג פון טיר צו טיר, ערמעגליכען, אז יעדער איינער זאל קאנען קויפען א אידישע צייטונג און לייענען — דאס האט געטאן ה. הערשמאן מיט'ן „פארווערטס". דער ציל איז געווען ניט פרנסה, נאר צו פארשפרייטען סאציאליסטישע פראפאגאנדע.

הערשמאַן איז געווען אַ יונגער קלאוקמאַכער. בייטאָג האָט ער געאַרבייט ביי קלאוקס און אין אָוונט האָט ער אַרומגעטראָגען דעם ,,פאָרווערטס״.

הערשמאַנ׳ס קאַריערע אַלס קלאוקמאַכער האָט זיך פּלוצים געענדיגט. ער האָט פאַרלוירען זיין דזשאָב. די סאָציאַליסטען האָבען דאַן באַשלאָסען, אַז הערשמאַן זאָל אויפגעבען די קלאוקס און ווידמען זיין גאַנצע צייט צום ,,פאָרווערטס״.

דאַן האָט מען אויך באַשלאָסען, אַז ניט דורך ,,פּעדלען״ זאָל מען פאַרשפּרייטען דעם ,,פאָרווערטס״, נאָר דורך אַ סטאָר אויף מיין סטריט.

אין יענער צייט האָט מען געקאָנט לייכט דינגען אַ סטאָר אויף מיין סטריט, ווען מען האָט נאָר געוואָלט צאָלען דעם פּרייז. דער פּרייז איז געווען — 5 דאָלאַר אַ חודש . . .

די סאָציאַליסטען האָבען באַשלאָסען, אַז אויב מען קאָן קריגען אַ שותּף צו דער סטאָר, וואָס זאָל צאָלען אַ העלפט פון דער רענט — נעמליך $2.50 — קאָן מען איינשטעלען.

און מען האָט איינגעשטעלט. מען האָט געקראָגען אַ שוסטער, וואָס האָט איינגעשטימט צו דינגען בשותפות אַ סטאָר מיט די סאָציאַליסטען פאַר 5 דאָלאַר אַ חודש. די סטאָר איז געווען אויף מיין סטריט נעבען אָנטעריאָ.

אַזוי אַרום איז ערעפענט געוואָרען די ערשטע סטאָר פון אידישע צייטונגען און אידישע ביכער אין מאָנטרעאַל.

# די ערשטע אידישע בוכהאַנדלונג

ווען די סאָציאַליסטען האָבען אין 1902 געעפּענט אַ סטאָר אויף מעין סטריט צו פאַרקויפען דעם „פאָרווערטס" האָבען זיי געשאַפען אַ מין קולטור־צענטער, מען קאָן זאָגען — דעם ערשטען אידישען קולטור־צענטער אין מאָנטרעאַל.

דאָרט, אין דער דאָזיגער סטאָר, האָט מען פאַרקויפט ניט בלויז דעם „פאָרווערטס", נאָר אויך די אַנדערע אידישע צייטונגען פון ניו יאָרק. מען האָט דאָרט אויך פאַרקויפט אידישע ביכער, די בעסטע וואָס מען האָט דאַן געקאָנט קריגען פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

הערשמאַנ׳ס בוך־סטאָר איז געוואָרען דער צענטער פון די אינטעליגענטע אידישע אימיגראַנטען. זיי פלעגען דאָרט קומען קויפען צייטונגען, דעבאַטירען וועלט - פּאָליטיק אָדער פּאַרטיי - פּאָליטיק.

די אידישע בוך - סטאָר האָט פיל צוגעגעבען צו דער שעהנקייט און אימפּאָזאַנטקייט פון מעין סטריט אין די אויגען פון די אימיגראַנטישע אידען. פאַר זיי איז מעין סטריט — צווישען אָנטעריאָ און קרעיג — געווען די שעהנסטע און אינטערעסאַנטסטע גאַס פון מאָנטרעאַל. דאָס איז אויך געווען זייער שפּאַציר־גאַס.

פרייטאָג אָוונט פלעגען אימיגראַנטישע אידען זיך אַרויסלאָזען שפּאַצירען איבער מעין סטריט. מיט גרויס אינטערעס פלעגען זיי קוקען אין די שוי־פענסטער פון די גרויסע סטאָרס. די אויסגעשטעלטע סחורות אין די שוי־פענסטער האָבען שטאַרק אימפּאָנירט. שפּאַצירענדיג פאַרביי אַ קליידער־סטאָר האָבען זיי מיט גרויס נייגעריגקייט באַטראַכט די נייע אָנצוגען (סוטס) אין די שוי־פענסטער. פאַר 6 און אַ האַלב אָדער זיבען דאָלאַר האָט מען געקאָנט קויפען אַ בלויען „סוירדזש־סוט", וואָס האָט אויסגעקוקט עלעגאַנט און עכט־אַמעריקאַניש. אין דער אַלטער היים האָבען אפילו גבירים ניט געטראָגען אַזעלכע עלעגאַנטע אָנצוגען.

ביי אַן אַנדער שוי־פענסטער פלעגען זיי באַטראַכטען מענער־קאַפּעליושען (העטס). זומער פלעגט דער גאַנצער שוי־פענסטער זיין אויסגעשטעלט מיט האַרטע שטרויענע קאַפּעליושען, וועלכע האָבען געקאָסט צו 40 אָדער 50 סענט אַ שטיק. הערבסט אָדער ווינטער זענען אין שוי־פענסטער געווען אויסגעשטעלט האַרטע „דורביי העטס". אין דער אַלטער היים האָבען נאָר רייכע מענשען, אָנגעזעהענע בעלי־בתים, שדכנים, מגידים און אַנדערע כלי־קודש געטראָגען אום שבת האַרטע קאַפּעליושען, ענליך צו די „דורביס". דאָ, אין מאָנטרעאַל, טראָגען עס אפילו אַרבייטער אינמיטען וואָך. פאַר 98 סענט, אָדער אַ דאָלאַר מיט 10 סענט, האָט מען געקאָנט קויפען אַ האַרטע „דורביי".

פאַרבייגעהענדיג אַ שוך־סטאָר פלעגען די אימיגראַנטישע אידען באַטראַכטען די נייע שיך. פאַר איין דאָלאַר מיט 75 סענט, אָדער צוויי דאָלאַר, האָט מען געקאָנט קויפען אַ סטיילישע פּאָר געלע שיך מיט לאַנגע שמאָלע שפּיצען —

עכט אַמעריקאַניש. אפילו די שוואַרצע שיך, וועלכע האָבן געקאָסט מיט 20 אָדער 30 סענט ביליגער פון די געלע, האָבן אויך אויסגעזעהן שעהן און ספּאָרטיש לגבי די שיך, וועלכע מען האָט געטראָגן אין דער אַלטער היים.

די פרויען פלעגן אַרויסווייזן דעם גרעסטען אינטערעס אין שוי־פענסטער פון מילינערי־סטאָרס. זיי פלעגן באַטראַכטן די לעצטע מאָדע פרויען־העטס און דער עיקר — די גרויסע פעדערן אויף די העטס. די העט אליין איז געווען וויכטיג, אָבער נאָך וויכטיגער איז געווען דער גרויסער פעדער. וואָס לענגער עס איז געווען דער פעדער, אַלץ שעהנער, אימפּאָזאַנטער האָט אויסגעקוקט די העט. ווען פרויען פלעגן זיך צוזאַמענקומען און שמועסען וועגן זייערע אַנגעלע־גענהייטען פלעגן זיי רעדען זעהר פיל וועגן די פעדערן פון זייערע העטס.

סיי פרויען סיי מענער פלעגן זיך אָפּשטעלען נעבען די שוי־פענסטער פון פאָטאָגראַפיע־סטודיאָס, באַטראַכטען פאַרשידענע פּאָזעס אויף אויסגעשטעלטע פאָטאָגראַפיעס. אין יענער צייט פלעגן אימיגראַנטישע אידען געהן אָפט צו פאָטאָגראַפשטשיקעס זיך נעמען בילדער צו שיקען אַהיים, אין דער „אָלד קאַנטרי", צו ווייזען זייערע נאָהענטע קרובים און פריינד ווי זיי אַמעריקאַניזירען זיך. די ערשטע בילדער פלעגן זיי נעהמען נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אויסגעפּוצט אין אַמעריקאַנישע קליידער — אַ מאַן מיט אַ בלויען „סוירדזש סוט", אַ האַרטע „דוירבי" אָדער שטרויהוט, מיט געלע, לאַנג־שפּיציגע שיך און אַ פרוי — מיט אַ גרויסען פעדער אויף איהר הוט.

שפּאַצירענדיג איבער מעין סטריט פלעגן זיי זיך אויך אָפּשטעלען נעבען הערשמאַנ'ס בוך־סטאָר — אַ פּונקט, וואָס האָט דערמאָנט אין היימישער אידישקייט.

די סחורות וועלכע זענען געווען אויסגעלעגט אין דער שוי־פענסטער זענען געווען אידישע ביכער און ביכלעך.

די מערסטע אימיגראַנטישע אידען אין יענער צייט זענען געווען שוואַכע לייענער פון אידישע ביכער. פונדעסטוועגען פלעגן זיי קויפען פון צייט צו צייט אַ ביכעל.

די מערסטע ביכער זענען געווען ראָמאַנען פון שמ"ר, טענענבוים, בלאָושטיין און זייפערט. עס זענען אויך געווען ראָמאַנען איבערזעצט פון רוסיש און פראַנ־צויזיש. פון רוסיש האָט מען איבערזעצט טאָלסטאָי'ס „אַנאַ קאַרענינאַ", „קריי־צער סאָנאַטאַ" און אַנדערע. פון פראַנצויזיש האָט מען איבערזעצט ראָמאַנען פון עמיל זאָלאַ. צו פילע אימיגראַנטישע אידען איז עמיל זאָלאַ געווען באַ־וואוסט ניט צוליב זיינע ראָמאַנען, נאָר צוליב דער גרויסער ראָלע וואָס ער האָט געשפּילט אין דעם דרייפוס פּראָצעס.

צווישען די קלענערע ביכלאָך זענען געווען היסטאָרישע באַשרייבונגען — פון דרייפוס פּראָצעס, וועגן כמעלניצקי'ן, וועגן דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, וועגן דעם חרם פון רבינו גרשון, וועגן שבתי צבי, וועגן בר כוכבא און אַנדערע. עס זענען געווען ביכלעך פון דאָקטוירים ספּעציעל פאַר מיידלאָך און יונגע ווייבלאָך.

די אימיגראַנטישע אידען פלעגען אויך קויפען קליינע ביכלעך פון אומבאַ־קאַנטע שרייבער אין וועלכע מען פלעגט דערציילען שפּאַנענדע מעשיות פול מיט אַוואַנטיורע און דינאַמישע האַנדלונגען. אין איין ביכעל פלעגט מען דערציילען וועגען אַ פּרינצעסין, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ וואַלד, איז געקידנעפּט געוואָרען פון וואַלד־גזלנים, איז אַוועקגעפיהרט געוואָרען אין אַ פרעמד לאַנד, וואו זי האָט געמוזט אַרבייטען אַלס דינסט, ביז מען האָט זיך דערוואוסט ווער זי איז — אַ טאָכטער פון קעניגליכען הויף — אַ פּרינצעסין.

אין אַ צווייטען ביכעל, פון דעם זעלבען פאַרפאַסער, האָט מען דערצעהלט ווי עס האָט זיך אין אַ אידישער דינסט־מיידעל, אַ יתומה, פאַרליבט אַ פירשט, האָט זי אַוועקגעפיהרט אין אַ ווייט פאַרוואָרפען לאַנד, דאָרט איז זי געוואָרען אַ פּרינצעסין און האָט פיל געהאָלפען די אָרימע אידען פון יענעם לאַנד.

עס זענען אויך געווען ביכלעך וועגען קאָזאַקען. אין איין ביכעל איז דער־ציילט געוואָרען ווי אַ קאָזאַק האָט זיך מגייר געווען און איז געוואָרען מיט דער צייט אַ חסיד. אין אַ צווייטען ביכעל האָט דער זעלביגער מחבר דערציילט ווי אַ חסיד איז אַרונטער פון גלייכען וועג, האָט זיך גע׳שמדט און איז מיט דער צייט געוואָרען אַ קאָזאַק.

עס זענען געווען אויך אַ היבש ביסעל פּאַרטיי־ביכלעך, סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע. אָבער די דאָזיגע ביכלעך האָבען ניט אַפּעלירט צו דעם דורכ־שניטליכען אימיגראַנטישען איד. בלויז די אויפגעקלערטע סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען פלעגען קויפען אָט די ביכלעך. זיי האָבען שוין אויך געוואוסט פון די בעסערע אידישע שרייבער און דיכטער אין אַמעריקע, ווי מאָריס ווינטשעווסקי, ז. ליבין, יעקב גאָרדין, מאָריס ראָזענפעלד, לעאָן קאָברין, דוד עדעלשטאַט, פיליפּ קראַנץ, א. ליעסין און אַנדערע. די געוויינליכע אימיגראַנטישע אידען האָבען פון אָט די שרייבער וועניג וואָס געהערט. מיט עטליכע יאָהר שפּעטער, נאָך די שטורמדיגע יאָהרען פון 1905 און 1906 האָבען איינגעוואַנדערטע אידען אָנגע־הויבען אַרויסווייזען מעהר אינטערעס אין די בעסערע אידישע שרייבער און דיכטער פון אַמעריקע און אייראָפּאַ, וועמעס ביכער האָבען אָנגעהויבען אריינ־קומען אין הערשמאַנ׳ס סטאָר און אין די אַנדערע בוך־סטאָרס, וועלכע האָבען זיך שפּעטער עפענט אויף מעין סטריט.

# די צווייטע אידישע בוך-האַנדלונג

ווען ס'איז אויף מיין סטריט געווען בלויז איין אידישע בוכהאַנדלונג — הערשמאַנ'ס — האָבען זיך דאָרט אַרומגעדרעהט סיי ליבהאָבער פון ליטעראַטור און ביכער, סיי פאַראינטערעסירטע אין ראַדיקאַלע פּאָליטיק. אין 1903 און 1904 זענען אָט די קרייזען געווען ווייניג. נאָכהער זענען זיי געוואָרען באַדייטענד גרעסער.

אין יענער צייט זענען ראַדיקאַלען פון אַלע סאָרטען געווען פאַראינטערעסירט אין אַנטי-רעליגיעזע ליטעראַטור. אין דער שוי-פענסטער פון הערשמאַנ'ס בוך-סטאָר פלעגט מען זעהן אַטעאיסטישע ביכלעך און בראָשורען. די נעמען פון די דאָזיגע ביכלעך זענען געווען שרייענד און אַנגרייפענד. זיי פלעגען שטאַרק רייצען די געפיהלען פון טראַדיציאָנעלע אידען.

ווען רעליגיעזע אימיגראַנטען פלעגען זעהן אין שוי-פענסטער אָט די בראָשורען האָבען זיי זיך שטאַרק גע'חידוש'ט. אַנדערע האָבען געמיינט, אַז דאָס זענען מיסיאָנערסקע ביכלעך און האָבען חושד געווען, אַז מיסיאָנערען האָבען אַ חלק אין אָט דער סטאָר. אַנדערע פלעגען אַריינקומען אינווייניג, געקויפט אַ גלאָז סאָדאַ-וואַסער און זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען צו איבערצייגען זיך, אַז ס'איז ניט קיין געשעפט פון מיסיאָנערען.

ס'איז אָבער געווען אַ צייט ווען די אַפּיקורסישע ביכלאַך פלעגען פאַרשווינדען פון שוי-פענסטער און די סטאָר פלעגט קריגען אַ אידיש-טראַדיציאָנעלען כאַראַקטער. דאָס איז געווען אַ פּאָר חדשים פאַר ראש השנה.

עטליכע וואָכען פאַר די ימים-נוראים פלעגט מען אויסשטעלען אין שוי-פענסטער פאַרשידענע סאָרטען שנה-טובה'ס — גרויסע, גרעסערע און גאָר גרויסע.

עס זענען געווען שנה טובה'ס, וועלכע האָבען אויסגעקוקט ווי גרויסע פּאַפּירענע געביידעס. אַנדערע שנה טובה'ס זענען געמאַכט געוואָרען ווי גרויסע שיפען. אויף אַ „שנה-טובה שיף'' זיינען געווען: אַ קאַפּיטאַן, מאַטראָזען און רעטונגס-גאַרטלען. אַזאַ שנה טובה האָט סימבאָליזירט ווי די שיף פיהרט די ברכה פון אַ גוטען יאָהר פון דעם אַמעריקאַנעם קרוב צו זיין קרוב אין אייראָפּאַ מיט'ן וואונש, אַז בקרוב זאָל דער אייראָפּייאישער קרוב זיך זעצען אויף אַ שיף און קומען צו דער פרייער אַמעריקע אָדער קאַנאַדע.

אַן אַנדער שנה טובה האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ שוהל, אַ בימה, ספר-תורה'ס, אַן ארון קודש. אויף דער בימה שטעהען פּאַטריאַרכאַלישע אידען מיט צילינדער-העטס. אַזאַ שנה טובה האָט סימבאָליזירט, אַז אויך אין דער פרייער, זאַטער אַמעריקע ווערט אידישקייט גוט אָפּגעהיט.

אין די עטליכע וואָכען פאַר ראש השנה האָט מען אין דער „סאָציאַליס-טישער'' בוד סטאָר פאַרקויפט ווייניג סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. עס איז

אבער אנגעגאַנגען אַ לעבעדיגער מסחר מיט שנה טובה׳ס. אַלע האָבן געקויפט — סיי די האַלב־אויסגעגרינטע, סיי די נאָר וואָס אריינגעקומענע. די „אָרויפגע־אַרבייטע״ פלעגן קויפן די גרויסע, שווערע שנה טובה׳ס. די אָרימערע פלעגן קויפן די קלענערע. אַפילו די קליינע שנה־טובה׳ס פלעגן זיך צוזאַמענלעגן און זיך פאַנאַנדערנעמען.

ווען אידען פלעגן קויפן שנה טובה׳ס האָבן זיי פאַר איינוועגס שוין אויך געקויפט אַנדערע אידישקייט־זאַכן. איינער האָט געקויפט אַ מחזור׳ל, דער צווייטער אַ לוח׳ל. מען האָט אויך זיך שוין נאָכגעפרעגט אויף אַ פעקעל ציצית, אַ קינה, אַ חנוכה־לעמפעל און אַנדערע זאַכן. דער געדאַנק פון דעם קויפער איז געווען — אויב ער קויפט שוין איין אידישקייט־זאַכן זאָל עס זיין פאַר׳ן גאַנצן יאָהר.

עס זענען געווען ראַדיקאַלען, וועלכע האָבן שאַרף קריטיקירט הערשמאַנ׳ען למאי ער האַנדעלט מיט אָט די זאַכן. הערשמאַן האָט זיך מיט אָט דער קריטיק ניט גערעכנט. „פרומע״ ראַדיקאַלען האָבן זיך פון איהם ענטוישט. זיי האָבן אנגעהויבן האָפען אויף אַ צווייטער בוך־סטאָר, וואו מען זאָל ניט האַנדלען מיט רעליגיעזע זאַכן, וואו די אַטמאָספערע זאָל זיין מעהר אין גייסט פון אינטער־נאַציאָנאַליזם און ראַדיקאַליזם.

די אידישקייט אַטמאָספערע האָט אנגעהאַלטען אין הערשמאַנ׳ס סטאָר בלויז אין די עטליכע וואָכען פאַר די ימים נוראים. ווען די יום טובים זענען אַוועק האָט מען די אידישקייט־זאַכן אַוועקגעלעגט אויף די הינטערשטע פאָליצעס ביז איבער־אַ־יאָהר. אין דער שוי־פענסטער האָבן זיך ווידער באַוויזען די אַפיקור־סישע ביכלעך פון ב. פייגענבוים און איבערזעצטע אַנטי־רעליגיעזע בראָשורען פון פראַנצויזישע שרייבער. עס האָט זיך ווידער געוויזען פאול לאַפאַרג׳ס סאָציאַ־ליסטישע בראָשורע „דאָס רעכט אויף פוילקייט״ און אַנדערע אַזעלכע בראָשורען.

אָבער די „פרומע״ ראַדיקאַלען זענען שוין געווען ענטוישט פון הערשמאַנ׳ס סטאָר. הערשמאַנ׳ס סטאָר האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר צוגעפאַסט צו דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון די אימיגראַנטישע אידען אויף מעין סטריט.

אָט די אויסגעשפּראָכענע ראַדיקאַלען האָבן לאַנג ניט באַדאַרפט וואַרטען. עס האָט זיך אויף מעין סטריט עפענט אַ צווייטע בוך־סטאָר — בלויז פאַר ראַדיקאַלע ליטעראַטור.

דאַן האָט זיך אַנגעהויבן פיהלען אַ מין אומאָפיציעלע קאָנקורענץ צווישען אָט די צוויי בוך־סטאָרס. עס איז ניט געווען קיין קאָמערציעלע קאָנקורענץ, נאָר אַן אידעאָלאָגישע . . .

אין דער צווייטער בוך־סטאָר פלעגן אריינקומען נאָר אויסגעשפּראָכענע ראַדיקאַלען. אין דער ערשטער בוך־סטאָר פלעגן אריינקומען אויך אַזעלכע אינ־טעליגענטען, וועלכע זענען ניט געווען ראַדיקאַל.

אין דער צווייטער בוך־סטאָר פלעגט מען דעבאַטירען סאָציאַליסטישע און

אַנאַרכיסטישע טעאָריעס און ראַדיקאַלע פּאַרטיי־פּאָליטיק. אין דער ערשטער בוך־סטאָר פלעגט מען אויך דיסקוטירען אַלגעמיינע וועלט־פּאָליטיק.

אָבער — עס האָט לאַנג ניט געדויערט און אויך אין דער צווייטער בוך־סטאָר האָט מען אָנגעהויבען האַנדלען מיט שנה טובה׳ס און מיט זיידענע טליתים׳לאַך און מיט אַנדערע אידישקייט־זאַכען.

ווידער זענען עקסטרימע ראַדיקאַלען געוועזן ענטוישט.

ווידער האָט דער עקסטרימער ראַדיקאַליזם געמוזט צוריקטרעטען אונטער׳ן דרוק פון טראַדיציאָנעלער אידישקייט — אַ דרוק, וואָס די אימיגראַנטישע אידען האָבען אויסגעאַרבעט אויף מעין סטריט.

וואָס שטאַרקער עס איז געוועזן דער דרוק פון די אימיגראַנטישע אידען אַלץ שוואַכער איז געוואָרען דער פּאַרקויף פון די אַפּיקורסישע אַנטי־רעליגיעזע ביכלעך; אַלץ ווייניגער האָט מען געהערט פון די אַנטי־רעליגיעזע אַרויסטרעטונגען מצד די עקסטרימע ראַדיקאַלען — די אַנאַרכיסטען. די דאָזיגע אַרויסטרעטונגען אין יענער צייט האָבען איינגעשלאָסען אויך יום־כפור פּאַרוויילונגען.

ווען די אידישע באַפעלקערונג איז געוואָרען גרעסער האָט זיך דער עקסטרי־מער ראַדיקאַליזם צוריקגעצויגען פון דער ברייטער עפענטליכקייט און אַנדערע סאָציאַלע אינטערעסען האָבען אָנגעהויבען זיך ענטוויקלען אויף דער אידישער גאַס. עס האָבען זיך אָנגעהויבען ווייזען גרופּעס, וועלכע זענען פאַראינטערעסירט אין אומפּאַרטייאישע ליטעראַטור, דיכטונג און טעאַטער; עס האָבען אָנגעהויבען זיך ווייזען אין די אידישע בוכהאַנדלונגען — סיי אין דער ערשטער, סיי אין דער צווייטער — ביכער פון באַוואוסטע אידישע שרייבער און דיכטער סיי פון אַמעריקע, סיי פון אייראָפּאַ. עס האָבען זיך שוין אָנגעהויבען ווייזען די ביכער פון מענדעלי מוכר ספרים, שלום עליכם, פּרץ, דינעזאָן, פרוג און אַנדערע פון די ערשטע קלאַסיקער פון דער אידישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד.

# העבּרעאיסטען

אין די ערשטע יאָהרען פון היינטיגען יאָהרהונדערט זענען צווישען די אנגעקומענע אימיגראַנטען געווען אויך העבּרעאיסטען, אָדער ווי זיי האָבּען זיך גערופען „חובבי שפת עבר״.

עס זענען צווישען זיי געווען עלטערע מענשען, וועלכע זענען געקומען צו קינדער. די קינדער זײַנען געקומען אין קאַנאַדע מיט עטליכע יאָהר פריהער, זיך איינגעאָרדענט דאָ מעהר-וועניגער און געשיקט שיפס־קאַרטען צו די עלטערען.

עס זענען אויך געווען מיטעל־יעהריגע אידען, משכילים און לערנער. אין דער אַלטער היים זענען זיי געווען „זיידענע״ יונגעלייטלעך אָדער „איידעמס אויף קעסט״. ווען די „קעסט פעריאָדע״ האָט זיך געענדיגט איז ניט געווען וואָס צו טאָן. צו געשעפט האָט מען ניט געקאָנט צוטרעטען און אַרבּייטען איז געווען ניט שעהן. איז מען געפאָרען אין קאַנאַדע, וואו מען קאָן אַרבּייטען און זיך ניט שעהמען פאַר קיינעם. זיי זענען געפאָרען לכתחילה מיט׳ן געדאַנק, אַז דאָ איז אַ לאַנד פון אַרבּייט.

צווישען די העבּרעאיסטען זענען געווען אויך אינגערע מענשען, בּחורים פון 18 און 20 יאָהר.

אָט די בּחורים זענען געקומען אין קאַנאַדע דערפאַר ווייל זיי האָבּען פאַר־לוירען דעם חשק צו לערנען אין די ישיבות, אָדער זיי האָבּען געוואָלט אויס־מיידען דעם „פריזיוו״, זיי זאָלען ניט דאַרפען דינען אין דעם צאַר׳ס אַרמייען.

אין די ישיבות האָבּען זיי פאַרלוירען דעם חשק צו לערנען צוליבּ דעם איינפלוס פון די העבּרעאישע שרייבּער וועמענס השכלה־ספרים האָבּען זיך אנגעהויבּען פאַרשפּרייטען צווישען דער ישיבה־יוגענד פון יענער צייט.

די העבּרעאיסטען זענען געווען שטילע, צוריקגעהאַלטענע מענשען. פון שטורמדיגע געזעלשאַפטליכע אַרבּייטען האָבּען זיי וועניג געהאַלטען. זיי האָבּען געלעבּט אין דער ראָמאַנטישער העבּרעאישער וועלט — אַ וועלט פון העבּרעאישע בּיכער און זשורנאַלען. אין דער אַלטער היים האָבּען די עלטערע און מיטעל־יעהריגע העבּרעאיסטען געלעבּט מיט׳ן „המליץ״ און מיט דער „הצפירה״ — דער עיקר מיט דער „הצפירה״, וואו זיי האָבּען זיך געקוויקט מיט סאָקאָלאָוו׳ס „דברי הימים״ — די אָפּהאַנדלונגען וועגען פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען פון יענער צייט. די אינגערע זענען געווען אונטער דער ווירקונג פון סמאָלענסקיס און מאַפּו׳ס ראָמאַנען און פון יהודה ליבּ גאָרדאָנ׳ס שירים. אַנדערע זענען שוין אויך געווען בּאַווירקט פון אחד העם׳ס, ליליענבּלום׳ס און קלויזנער׳ס קולטורעל־היסטאָ־ריש אַרטיקלען אין „השולח״, דער וויכטיגסטער זשורנאַל פון דער העבּרעאישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד.

ווען העבּרעאיסטישע אימיגראַנטען פלעגען שפּאַצירען אויף מיין סטריט,

פלעגען זיי זיך אפשטעלען נעבען דער אידישער בוך־סטאר, באטראכטען די ביכלעך אין שוי־פענסטער. נאכהער אריינגעהן אינווייניג און פרעגען אויף א העברעאישען ספר.

די העברעאיסטען האבען זיך נאכגעפרעגט אויף פארשידענע ספרים. די געוועזענע ישיבה־לייט האבען געוואלט קויפען ביכער פון מיכה יוסף בערדי־טשעווסקי, בערשאדסקי׳ס „נגד הזרם״, פייערבערג׳ס „לאן״, דוד פרישמאנ׳ס איבערזעצונגען פון היסטארישע ראמאנען און אנדערע.

א יונגערמאן פלעגט דערצעהלען, אז איידער ער איז ארויסגעפארען קיין קאנאדע האט ער געלייענט א טייל פון סמאלענסקינ׳ס „התועה בדרכי החיים״ און ער וויל עס דא ענדיגען און איז גרייט צו קויפען אלע סמאלענסקינ׳ס ביכער. א צווייטער האט געוואלט קויפען אלע שירים פון יהודה לייב גארדאן און א פערטער איז געווען א בעלן צו קויפען די אידישע געשיכטע פון גרעץ איבערזעצט אין העברעאיש, אין עטליכע דיקע באנדען.

עלטערע העברעאיסטען האבען געוואלט קויפען יאהר־גאנגען פון „עולם קטן״, העברעאישער זשורנאל ספעציעל פאר קינדער. זיי האבען געוואלט דורך אט דעם זשורנאל פאראינטערעסירען זייערע אייניקלאך אין דער שעהנקייט פון דער העברעאישער שפראך. זיי זענען געווען גרייט צו צאלען יעדען פרייז פאר אט דעם זשורנאל.

אין הערשמאנ׳ס בוך־סטאר זענען, נאטירליך, קיין העברעאישע ביכער ניט געווען. הערשמאן אזי געווען פאראינטערעסירט אין סאציאליסטישע ביכער, ניט אין העברעאישע. ווען ער האט געזעהן, אז אן אינטעליגענטער איד איז גרייט אויסצוגעבען 5 אדער 10 דאלאר, אדער מעהר, פאר העברעאישע ספרים, האט ער איהם פרובירט פאראינטערעסירען אין סאציאליסטישע ביכער, וועלכע קאס־טען א סך ביליגער. ער האט אנגעבאטען ביכער פון מארקס און קאוטסקי, לאסאל און בעבעל און אנדערע סאציאליסטישע דענקער און טעארעטיקער. דער העברעאיסט איז אבער געבליבען קאלט צו די ראדיקאלע ליטעראטור, וועלכע מען האט איהם אנגעבאטען.

דער סאציאליסט הערשמאן האט מיטגעפיהלט מיט די העברעאיסטען און סימפאטיזירט מיט זייער דורשט נאך העברעאישע ביכער. ער האט אנגעהויבען רעספעקטירען די נעמען פון די העברעאישע שרייבער, וועמענס ביכער די העב־רעאיסטען האבען פארלאנגט.

צוזאמען מיט׳ן פארלאנג אויף העברעאישע וועלטליכע ביכער איז אויך געווען א פארלאנג אויף רעליגיעזע ספרים — אויף משניות׳ן, אויף חק לישראל׳ס, אויף גמרא׳ס, אויף עין יעקב׳ס א. אז. וו.

דאן האט הערשמאן באשלאסען, אז עס איז נויטיג צו עפענען א סטאר ספעציעל פאר העברעאישע ביכער און רעליגיעזע ספרים.

אזא סטאר האט ער געעפענט בשותפות מיט מענדעל לייב זאק, א העברע־אישער משכיל און לעהרער. אין יענער צייט איז זאק געווען באוואוסט אלס

וויכטיגער קולטורעלער טוער. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער פועלי ציון באַוועגונג אין שטאָט (ער איז געשטאָרבען אין 1927).

די סטאָר איז ערעפענט געוואָרען אויף מיין סטריט, נעבען דעמאָנטיני, און זיך גערופען „עזרא״, טראָגענדיג דעם נאָמען פון „עזרא הסופר״. די „עזרא״ בוך־סטאָר איז געוואָרען דער צענטער פון די העברעאיסטען און משכילים פון פון יענער צייט.

אין יענער סטאָר האָט מען פאַרקויפט אַלע העברעאישע ספרים, וועלכע מען האָט געקאָנט קריגען אין ניו יאָרק און מען פלעגט אויך אימפּאָרטירען העב־רעאישע ביכער פון אייראָפּאַ.

די סטאָר האָט אָבער ניט לאַנג עקזיסטירט. פון אַ קאָמערציעלען שטאַנד־פונקט איז עס ניט געווען קיין ערפאָלגרייכער געשעפט.

עס האָט זיך ניט געלוינט דעם העברעאישען פּעדאַגאָג אַוועקגעבען זיין פולע צייט צו דער סטאָר. ער איז געווען פּרינציפּאַל פון דער תלמוד תורה אין באַראָן דע הירש אינסטיטוט.

ווען די „עזרא״ בוך־סטאָר האָט זיך געשלאָסען איז עס געווען אַ שטאַרקער פאַרלוסט פאַר די העברעאיסטען. זיי האָבען פאַרלוירען זייער צענטער. זיי זענען שוין אָבער ניט געווען עלענד און איינזאַם ווי פריהער. דער העברעאישער קרייז האָט זיך אויסגעברייטערט. העברעאיסטען האָבען זיך פאַרבונדען מיט ניו יאָרק, וואו מען האָט געקאָנט קריגען העברעאישע ביכער און זשורנאַלען און וואו עס האָבען שוין געלעבט און געווירקט העברעאישע דיכטער און שרייבער. צווישען די העברעאישע שרייבער, וועלכע זענען אָנגעקומען אין ניו יאָרק אין דעם אימיגראַנטישען פּעריאָד איז געווען ראובן ברייניז. אין ניו יאָרק האָט ברייניז געמאַכט אַלע מעגליכע אָנשטרענגונגען צו ענטוויקלען אַ מאָדערנע העב־רעאישע פּרעסע. ווען ברייניז איז שפּעטער, אין 1912 געקומען קיין מאָנטרעאָל צו רעדאַגירען דעם „קענעדער אדלער״, איז שוין דאָן געווען אַ באַדייטענדער קרייז פון העברעאיסטען צווישען וועלכע עס זענען געווען אַקטיווע ציוניסטען און אויך העברעאישע לעהרער, וועלכע האָבען פיל מיטגעווירקט פאַר העברע־אישער ערציאונג אין מאָנטרעאָל.

# קריזים

די מערסטע אימיגראנטישע אידען פלעגען איבערלאזען זייערע אלטע היימען דערפאר ווייל זיי האבען געוואלט אנטלויפען פון נויט און ארימקייט. פאהרענדיג קיין אמעריקע, אדער קיין קאנאדע, זיינען זיי געווען זיכער, אז זיי פאהרען צו א לאנד פון זאטקייט און זיכערקייט.

פילע פון אט די אידען זיינען געווען גוואלדיג איבערראשט און פיינליך ענטוישט ווען קומענדיג אהער זיינען זיי ארייגעפאלען אין א פעריאדע פון קריזיס. אין אזא צייט האבען זיי אויף שריט און טריט באגעגענט נויט און ארימקייט, סיי צווישען אימיגראנטען, סיי צווישען אזעלכע וועלכע זיינען שוין לענגער אין לאנד.

עס איז געווען א גוואלדיגער רחמנות אויף יענע אימיגראנטען וועלכע פלעגען אריינקומען אין לאנד אין דער צייט פון קריזיס. זיי זיינען געווען זעהר הילפלאז און ניט געוואוסט וואס צו טאן.

אין יענער צייט האט קאלומבוס אריינגעכאפט א סך קללות פון די ארימע אימיגראנטען. זיי פלעגען ארומגעהן מיט טענות: צו וואס האבען זיי באדארפט קומען אין קאלומבוס'עס מדינה?

אלע זיינען ארומגעגאנגען זוכען ארבייט, סיי די „גרינע'', סיי די „אויס-געגרינטע''. די פאבריקען זיינען געווען געשלאסען. די שעפער פארמאכט. אומעדום האט געהערשט א שטילשטאנד.

ווי לאנג וועט דויערען דער קריזיס? ווען וועט ער זיך אפשטעלען? פון וואנען האט ער זיך גענומען? — דאס זיינען געווען די פראגען וועלכע די אימיג-ראנטישע אידען פלעגען דיסקוטירען אין יענער צייט אומעדום וואו זיי פלעגען זיך צוזאמענקומען, אין דאפרעין פארק, אויף די „מאונטעינס'' און אין אנדערע ערטער. אין יענע טעג פלעגען אימיגראנטישע אידען זעהן זייערע פריינט און לאנדסלייט ניט בלויז שבת אדער זונטאג, נאר אויך אין די געוועהנליכע ארבייטס-טעג פון דער וואך.

זעהר שטארק האבען געליטען די פארהייראטע אימיגראנטען, וועלכע האבען באדארפט שיקען יעדע וואך עטליכע דאלאר צו זייערע פאמיליעס אין דער אלטער היים. דער פארהייראטער אימיגראנט האט ניט געוואוסט ווי ער זאל שרייבען זיין פרוי און איהר ערקלעהרען די אורזאך ווארום ער שיקט איהר קיין געלט ניט. ער האט ניט געוואוסט וואס ער זאל איהר ראטען, ווי זי זאל לעבען אין דער פעריאדע פון קריזיס, ווען ער קאן גארניט ניט פארדינען, אדער ווען ער פארדינט בלויז דריי אדער פיר דאלאר א וואך וואס איז נויטיג פאר איהם אליין.

דאס שרייבען בריוו אהיים איז פאר אימיגראנטען אין יענער צייט געווען א שווערע ארבייט. ווען מען האט געקאנט שיקען געלד איז נאך ניט געווען

אזוי שווער. דאַן האָט מען געקאָנט שרייבען אַ קורצען בריוו. אויב מען האָט אַליין ניט געקאָנט, האָט מען געבעטען אַ פריינט, אַ לאַנדסמאַן, ער זאָל אָנשרייבען. אָבער אויב מען האָט באַדאַרפט אויסגיסען דאָס ביטערע האַרץ און דערציילען דער ווייב אין דער ווייטער שטעטעל פון דער אַלטער היים ווי ביטער מען ליידט דאָ אין דעם „גאָלדענעם לאַנד", ווי שווער ס'איז דאָ צו פאַרדינען אַ סענט — אַזאַ בריוו איז געווען זעהר שווער אָנצושרייבען. עס זיינען געווען אימיגראַנטען וועלכע פלעגען געהן צו טאָטאַרינסקי'ן. אָרימע אימיגראַנטען וועלכע האָבען ניט געקאָנט שרייבען האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ גוטען פריינט . . . ער האָט געהאַלטען אַן „אַדרעסני סטאָל" און איז געווען גרייט צו העלפען אָרימע אימיגראַנטען מיט עצות. אימיגראַנטען וועלכע האָבען געזוכט זיין הילף האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ שרייבער, אַ קענער, אַ רעדנער און פּאָליטיקער.

אימיגראַנטישע אידען האָבען ניט געוואוסט גענוי וואָרום דער קריזיס איז געקומען און ווי לאַנג ער וועט דויערען. די „אויסגעגרינטע" האָבען פּרובירט געבען דערקלערונגען. איינער פלעגט זאָגען, אַז עס איז דערפאַר ווייל די אַר־בייטער אַרבייטען לאַנגע שטונדען. זיי שאַפען אַ סך סחורות, מעהר פון וויפיל מען קאָן פאַרברויכען. ווען עס זאַמלען זיך אַן אין די האָלסיילס און סטאָרס צופיל סחורות מוז מען אָפּשטעלען די פאַבריקען און וואַרטען ביז די אָנגעזאַמעלטע סחורות וועלען זיך אויסנוצען.

אַנדערע פלעגען ערקלערען, אַז עס האָט צו טאָן מיט עלעקשאַנס אין די שטאַ־טען. די קאַפּיטאַליסטען, פלעגען זיי זאָגען, שליסען זייערע פאַבריקען כדי אַריינ־צוברענגען אַ קריזיס אין לאַנד און דערמיט צווינגען די אַרבייטער צו שטימען ניט פאַר דער רעגירונג, נאָר פאַר דער אָפּאָזיציע פּאַרטיי אויף וועלכער די קאַפּיטאַליס־טען האָפען, אַז זי וועט דינען בעסער זייערע אינטערעסען.

* * *

די ערשטע צו ליידען פון קריזיס זיינען געווען די אַרבייטער. אָבער ווען די אַרבייטער האָבען ניט געקאָנט צאָלען זייערע בילס און גראָסערי און אין בוטשער־שאַפּ איז דער קריזיס געוואָרען אַן אַלגעמיינער. עס האָבען געליטען די גראָסערי־לייט און די בוטשערס און די לענדלאָרדס. אָבער די לעצטע האָבען נישט גע־פיהלט אזוי שטאַרק ווי די אַרבייטער. די גראָסערילייט און די בוטשערס און די בעקערס האָבען דאַן בייגעטראָגען צו אַ זופּ־קיך וואו מען האָט געגעבען עסען צו די אימיגראַנטישע אידען וועלכע זיינען געווען אין נויט. די קיך איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון „היימישע" אידען, פון לאַנדסלייט, פון האַלב־אויסגעגרינטע אימיגראַנטען, אָבער די קרבנות פון קריזיס זיינען געגאַנגען אין זופּ־קיך נאָר דאַן ווען קיין אַנדער אויסוועג איז ניט געווען.

מאַנכע אימיגראַנטען פלעגען פּרובירען אַנטלויפען פון קריזיס דורך אַריבער־קלייבען זיך אין אַן אַנדער שטאַט. אין יענער צייט איז פאָרגעקומען אַן איבערוואַנדערונג פון איין טייל קאַנאַדע צו אַ צווייטער. עס איז אויך געווען אַן איבערוואַנדערונג פון קאַנאַדע נאָך די שטאַטען און פון די שטאַטען נאָך קאַנאַדע.

פון מאָנטרעאָל זיינען אימיגראַנטישע אידען געפאָרען קיין טאָראָנטאָ, קיין האַמילטאָן, קיין אָטאַווא, האָפענדיג, אַז אין קלענערע צענטערס איז דער קריזיס שוואַכער. פון אָטאַווא, האַמילטאָן און טאָראָנטאָ איז מען געקומען קיין מאָנטרעאָל, מיינענדיג אַז אין גרעסערען צענטער קאָן מען זיך בעסער באַשיצען פון קריזיס.

אין דעם פעריאָד פון קריזיס זיינען קיין מאָנטרעאָל געקומען אימיגראַנטישע אידישע אַרבייטער פון ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, באָסטאָן און אַנדערע צענטערס. זיי האָבען געמיינט, אַז דאָ וועלען זיי גרינגער געפינען עפּעס צו טאָן. פון מאָנט־רעאָל זיינען אימיגראַנטישע אידען געפאָרען אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, באָסטאָן און אַנדערע צענטערס, מיינענדיג, אַז דאָרט וועלען זיי זיך ראַטעווען פון קריזיס. אַמערסטען פלעגען איבערוואַנדערען קרובים צו קרובים. אַן אַרבייטסלאָזער פון איין שטאָט צו אַ פריינט וואָס איז ניט אַרבייטסלאָז.

עס זיינען געווען אימיגראַנטישע אַרבייטער, וועלכע זיינען דאָן אַרי־בערגעפאָהרען אין די קאָונטריס, געוואָרען פעדלער, מיט דער האָפנונג, אַז צווישען די פאַרמערס וועלען זיי דעם קריזיס ניט פיהלען. אין יענעם פעריאָד ווי וועניג מען האָט פאַרדינט האָט מען זיך געקאָנט ראַנגלען געגען קריזיס. אַ ניקעל איז געווען דאָן אַ חשוב׳ע מטבע. מיט 10 סענט האָט מען געקאָנט עסען אַ גוטען מאָלצייט. מיט 15 סענט האָט מען געקאָנט דורכקומען אַ גאַנצען טאָג. די מענשען וועלכע האָבען דאָן זיך גענומען צו פעדלעריי, אָדער צו קליינע געשעפטען האָבען טאַקע זיך געראַטעוועט פון קריזיס מעהר־וועניגער. מאַנכע פון די וועלכע זיינען דאָן אַוועק פעדלען אין די קאָנטריס זיינען שוין געבליבען ערפאָלגרייכע געשעפטס־לייט.

אַנדערע האָבען זיך ניט געקאָנט ראַטעווען פון קריזיס. זיי האָבען געמוזט געהן אין די זופּ־קיכען. מאַנכע עלטערע בעלי־בתים וועלכע וואוינען היינט אין אייגענע קאָטעדזשעס און האָבען פאַרמעגליכע זיהן און איידעמס וועלען זיך אפשר דערמאָנען אַז אַמאָל, אין דער פעריאָדע פון קריזיס, האָבען זיי געגעסען אין דער זופּ־קיך ווייל זיי האָבען ניט געהאַט קיין „דיים״ צו קויפען אַ מאָלצייט.

# מאַסענפאַרזאַמלונגען

אין די אימיגראַנטישע יאָהרען, ווען די מעהרסטע אידען זיינען געווען אַרבייטער, פעדלער און קליינע געשעפטסלייט, האָבען עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פאַרנומען אַ וויכטיגען אָרט אין געזעלשאַפטליכען לעבען אויף דער אידישער גאַס.

ווען עס פלעגט אויסברעכען אַ סטרייק איז עס געווען אַ גרויסע און וויכטיגע געשעהעניש פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג. יעדער סטרייקער איז געווען אַ העלד, אַ מאַרטירער. מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג פלעגט מען זיך באַציהען צו אַ „סקעב".

מיט אַ „סקעב" האָט קיינער ניט געוואָלט רעדען. אויב אימיצער האָט גערעדט מיט אַ „סקעב" האָט ער זיך באַדאַרפט פאַרענטפערען. ווען אַ „סקעב" פלעגט קומען אין דאַפּרעין פּאַרק, אָדער אויף די „מאַונטיינס" פלעגט ער זיצען אליין אויף אַ באַנק. זיינע לאַנדסלייט פלעגען אויך איהם אויסמיידען. אפילו די פרוי פון אַ „סקעב" האָט געפיהלט די געזעלשאַפטליכע פאַראַכטונג. ווען זי פלעגט אריינקומען אין גראָסערי האָט דער גראָסערי־מאַן ניט געענטפערט אויף איהר „גוט מאָרגען". ווען זי פלעגט אריינקומען אין בוטשער־שאָפּ האָט דער בוטשער זיך געמאַכט ניט הערענדיג ווען זי פלעגט זאָגען „גוד באַי" . . .

עקאָנאָמישע קאַמפען זענען פאָרגעקומען ניט בלויז צווישען באַלעבאַטים און אַרבייטער. אָפט פלעגען אויסברעכען קאַמפען צווישען הויז־פרויען פון איין זייט, בעקערס און בוטשערס פון דער אַנדער זייט.

פון צייט צו צייט פלעגען בעקערס באַשליסען צו העכערען דעם פרייז פון ברויט. ווען אַזאַ זאַך פלעגט געשעהן איז עס געווען אַ געוואַלדיגע געשעהעניש אין דער אידישער גאַס. עס פלעגט אויסברעכען אַ שטורמדיגער קאַמף. עס פלעגט אויסברעכען אַ שטורם אויך ווען בוטשערס פלעגען באַשליסען צו העכערען דעם פרייז פון פלייש.

אַנהויבען פלעגט זיך דער שטורם אַרום די שעפּער, צווישען די שניידערס און די קלאָוקמאַכער. עס פלעגען זיך ווייזען קליינע אינגלאַך מיט „ליפלעטס". די „ליפלעטס" האָבען גערופען צו קאַמף געגען העכערע פרייזען.

די דאָזיגע „ליפלעטס" פלעגען רופען צו אַ מאַס־מיטינג אין לעיבאָר־טעמפּעל אָדער אין פרינץ אַרטור האָל.

די אימיגראַנטישע אידען פלעגען גערן געהן צו אַזעלכע מאַס־מיטינגען. ביי אַזאַ מאַס־מיטינג האָבען זיי געהאַט די געלעגענהייט צו באַקאַנען זיך מיט די כלל טוער און מיט די רעדנער פון דער אידישער גאַס אין מאָנטרעאַל.

פאַר אַן אימיגראַנטישען איד איז געווען אַנגענעהם צו בייוואוינען אַ פאַר־זאַמלונג וואו עס קומען זיך צוזאַמען אַ סך אידען וועלכע רעדען אידיש און אַרום וועלכע עס שפירט זיך אַ היימישע אַטמאָספערע. עס האָט איהם אויך שטאַרק

אימפּאָנירט צו זעהן ווי עס שטעלען זיך אויף אידען און רעדען פריי, מוטיג, שרעקען זיך ניט פאַר קיינעם.

דער אימיגראַנטישער איד האָט זיך גוט צוגעהערט צו אַלע רעדנער ביי דער דאָזיגער מאַסענפאַרזאַמלונג, וואו מען איז געקומען פּראָטעסטירען למאי די בעקערס האָבען געהעכערט דעם פּרייז פון ברויט. איין רעדנער האָט אויס־געזעהן אינטערעסאַנטער פון דעם צווייטען.

איין רעדנער פלעגט אָנהויבען רעדען וועגען דער ברויט־פראַגע אין מאָנט־רעאַל און באַלד אַריבערגעהן צו דער רעוואָלוציע געגען צאַר אין רוסלאַנד. ער פלעגט שילדערען ווי די רוסישע רעוואָלוציאָנערען קעמפען אויף די באַריקאַדען אין פּעטערבורג און אין אָדעס, אין ריגע און אין ווילנע און פלעגט פאַרבינדען דעם דאָזיגען קאַמף מיט דעם קאַמף געגען די בעקערס אין מאָנטרעאַל. ער פלעגט ציטירען קאַרל מאַרקס און קאַרל קאַוטסקי צו איבערציינגען, אַז מען מוז אָנפיהרען אַ קאַמף געגען העכערען די פּרייזען פון ברויט.

אַ צווייטער רעדנער האָט אויך גערעדט פון אַ רעוואָלוציאָנערען שטאַנד־פּונקט, אָבער אַביסעל אַנדערש. ער פלעגט ניט ציטירען קאַרל מאַרקס אָדער קאַוטסקי. ער פלעגט דעקלאַמירען שטיקער פון באַקונין און פון קראָפּאָטקין און קומען צום אויספיהר, אַז די ברויט־פראַגע וועט געלייזט ווערען נאָר דאַן ווען די אַרבייטער וועלען גרינדען זייערע אייגענע קאָאָפּעראַטיוען, דאַן וועלען די קאַפּיטאַליסטען אויטאָמאַטיש פאַרלירען די מאַכט און די אַרבייטער וועלען ווערען די באַלעבאַטים פון דער וועלט.

ביי אַזאַ מאַס־מיטינג פלעגען רעדען ניט בלויז ראַדיקאַלען. עס פלעגען אויך רעדען ניט־סאָציאַליסטישע רעדנער. עס פלעגען רעדען כלל־טוער, וועלכע מישען זיך אין סיק בענעפיט סאָסייעטיס אָדער אין די קלענערע שוהלען.

אַזאַ רעדנער פלעגט זיך אויך פאָרשטעלען אַלס „אַרבייטער־פריינד". ער פלעגט אָנפאַנגען זיין רעדע מיט אַ הקדמה, אַז כאָטש ער איז ניט אַ סאָציאַליסט, פונדעסטוועגען האַלט ער מיט די אָרימע. ער פלעגט ציטירען עטליכע פסוקים פון חומש צו ווייזען, אַז די תורה הייסט שטיצען דעם אָרימאַן אין זיין קאַמף געגען די רייכע. אַזעלכע פסוקים פלעגען די אימיגראַנטישע אידען הערען מיט גרויס פאַרגעניגען און מיט באַגייסטערונג אַפּלאָדירען.

נאָכהער פלעגט דער רעדנער דערצעהלען אַ משל פון דעם דובנער מגיד אָדער פון אַנדערע מגידים, וועלכע זענען צו די אימיגראַנטישע אידען געווען באַקאַנט פון דער אַלטער היים. די מגיד'ישע מעשה'לאך פלעגען מאַכען אַ שטאַרקען איינדרוק אפילו אויף די ראַדיקאַלע רעדנער, וועלכע פלעגען אַפּלאָ־דירען די אויספיהרען פון די דאָזיגע מעשה'לאך. צו מאַכען די רעדע נאָך אינטערעסאַנטער פלעגט דער רעדנער אריינבראַקען עטליכע וויצען פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער. פון אַט די וויצען האָט דער עולם געלאַכט אויפ'ן קול. דער האָל האָט געשטורעמט פון געלעכטער. דאַן האָט דער רעדנער זיך דערמאָנט, אַז מען פאַרהאַנדעלט אַן ערנסטע פראַגע — וואָס זאָל מען טאָן מיט די בעקערס,

וועלכע העכערען דעם פרייז פון ברויט ? דער עולם האָט אויפגעהערט צו לאַכען. מען איז געוואָרען ווידער ערנסט. דער רעדנער האָט געגעבען אַ קאָנקרעטע עצה — די פרויען אַליין זאָלען באַקען זייער אייגען ברויט, ווי זיי האָבען עס געטאָן אין די קליינע שטעטלאַך פון דער אַלטער היים. אַזאַ עצה פלעגט אויפגענומען ווערען מיט אַ סך באַגייסטערונג און אַפּלאָדיסמענטען.

נאָכהער האָט זיך אויפגעשטעלט אַ רעדנער, אויך אַ ניט־סאָציאַליסט, און גערעדט פון אחדות. ער האָט אָנגעוויזען, אַז אַלע צרות נעמען זיך דערפון וואָס עס איז ניטאָ ביי אידען קיין אייניגקייט. ווען אַלע אידען אין דער וועלט וואָלטען געווען פאַראייניגט, האָט ער אויסגערופען, וואָלטען די בעקער־באַלעבאַטים ניט געוואָגט צו העכערען דעם פרייז פון ברויט.

דער דאָזיגער רעדנער האָט זיך פאַרנומען שילדערען ווי אידען ליידען אין דער וועלט פון אומאייניגקייט. ער האָט אָנגעהויבען פון אדם הראשון און דער־צעהלט ווי זיינע צוויי זיהן, קין און הבל, האָבען זיך ארומגעריסען און עס איז דערפון אַרויסגעקומען די גרויסע מאָרד־טראַגעדיע. נאָכהער איז ער אַריבער צו יוסף און זיינע ברידער און געשילדערט די דראַמע ווי די ברידער האָבען פאַרקויפט יוסף׳ן צו די ישמעאלים, ווייל עס האָט צווישען זיי געהערשט קנאה און שנאה. נאָכהער האָט ער גערעדט וועגען דעם קאַמף צווישען ראַדיקאַלע און אַלגעמיינע אידען אין מאָנטרעאַל און האָט אויסגעפיהרט, אַז אויב מען וויל אָפּשטעלען די גזירה פון די בעקערס זאָלען אַלע אידען זיך פאַראייניגען און עס זאָל ווערען אחדות ביים אידישען פאָלק.

נאָך אַזאַ רעדע פלעגען זיין שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטען. די אימיגראַנטישע אידען זענען געווען שטאַרק געריהרט הערענדיג ווי פּשוט׳ע אידען רעדען וועגען געשיכטעס פון חומש, וועגען אחדות, וועגען איבערגעבענהייט פון איינעם צום אַנדערען. נאָך אַזאַ רעדע פלעגען זיך אַלע פאַראייניגען און באַשליסען, אַז מען זאָל פּראָקלאַמירען אַ סטרייק געגען די בעקערס. מען זאָל בשום אופן ניט קויפען קיין ברויט פאַר העכערע פרייזען . . .

אַמאָל פלעגט אַזאַ סטרייק זיך ענדיגען מיט אַ זיג פאַר די סטרייקערס. אָן אַנדערש מאָל פלעגען אויספירען די בעקערס.

## דער „קענעדער אַדלער"

אַן אינטענסיווע אידישע אימיגראַציע אין קאַנאַדע האָט זיך אנגעהויבען אין די יאָהרען 1905 און 1906.

יעדע שיף וואָס פלעגט אנקומען פון אייראָפּע האָט געבראַכט א סך אידישע אימיגראַנטען. עס זענען געפאָהרען יונג און אַלט. קינדער זענען געפאָהרען צו על־טערען און עלטערען צו קינדער. עס זענען אויך געפאָהרען פרויען צו מענער און כלות צו חתנים.

אימיגראַנטען זיינען געקומען פון אַלע לענדער. די מעהרסטע זענען געקר מען פון רוסלאַנד.

די אימיגראַציע פון רוסלאַנד איז געוואָרען גרויס סיי צוליב דער מלחמה מיט יאַפּאַן, סיי צוליב דעם פארשטאַרקטען אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט זיך אויס־געדריקט אויך אין פּאָגראָמען אויף אידען אין א צאָהל שטעט פון ווייס־רוסלאַנד, אוקראַינע און בעסאַראַביע. דער ערגסטער פּאָגראָם איז פארגעקומען אין קעשענעוו.

נאָך דעם קעשענעווער פּאָגראָם האָט זיך ענטוויקעלט א שטאַרקע שנאה ביי די רוסישע אידען צום צאַרישען רעזשים. די אידישע אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד האָט זיך צוליב דעם גוואַלדיג פאַרשטאַרקט.

צווישען די אימיגראַנטען אין יענע יאָהרען האָבען זיך געגומען דורכוואָרפען אַלע מעהר און מעהר אינטעליגענטע מענשען — מענשען וועלכע האָבען געהאַט א חוש און א דראַנג פאַר געזעלשאַפטליכער אַקטיוויטעט.

עס זענען געווען צווישען זיי יונגע אידען, תלמידים פון ישיבות אדער סטו־דענטען פון גימנאַזיעס, יונגעלייט וועלכע זענען געווען צוגעבונדען צו די קולטו־רען און טראַדיציעס פון דער אַלטער היים, יונגעלייט און מיידלאַך וועלכע האָבען שוין געלייענט שלום עליכם און פּרץ, רייזען און נאָמבערג, אַש און פּינסקי — די מאָדערנע אידישע שרייבער פון יענער צייט.

און עס זענען געווען יונגעלייט און מיטעל־יאָהריגע מענשען וועלכע האָבען געלעבט מיט דער אידישער פּאָליטיק פון יענער צייט, מיט חיבת ציון, מיט השכלה, מיט דר. הערצל, נאָרדוי, זאַנגוויל, אחד־העם, סאָקאָלאָוו, קלויזנער, וועלכע האָבען אויסער די אידישע צייטונגען ווי „פריינד" און „היינט" אויך געלייענט די „הצפירה" און די ליבעראַלע רוסישע צייטונגען „רעטש" און „בירזשעוויע וועדאָמאָסטי", און זיך אינטערעסירט מיט דעם דראַמאַטישען קאַמף וואָס די רוסישע ליבעראַלען האָבען אַנגעפיהרט אין דער „גאָסודאַרסטווענער דומע" פאַר „ראַוונאָ־פּראַוויע" (גלייכבאַרעכטיגונג), און אויסער דער דומע — געגען דער אַנטיסעמיטישער „נאָוואָיע ווּרעמיאַ", געגען די „טשאַרנאָסאָטניקעס", (שוואַרץ־מאָה'ניקעס) און געגען פּורישקעוויטש'ן און קרושעוואַנע'ן.

אַט די סאָרטען אימיגראַנטען האָבען אין די ערשטע חדשים געלעבט שטיל,

צוריקגעצויגען. נאָכער, ווען זיי האָבען זיך אביסעל „אויסגעגרינט" זענען זיי ארויס אין דער געזעלשאַפטליכער גאַס, זיך גענומען מישען אין שולען, אָרגאַני־זאַציעס, פאראיינען און זענען געוואָרען אַקטיוו אויף איין געזעלשאַפטליכען גע־ביט, אָדער א צווייטען.

די נייע אימיגראַנטען זענען געקומען פון פאַרשיידענע לענדער, פון פאַרשיי־דענע קולטורעלע איינפלוסען און ווירקונגען. יעדער איינער האָט געזוכט זיין געזעלשאַפטליכען ווינקעל, זיין קולטורעלען קרייז.

אזוי אַרום האָט דאָס אידישע מאַנטרעאָל זיך גענומען איינטיילען אין פאַר־שידענע געזעלשאַפטליכע ריכטונגען און שאַטירונגען. די צוויי הויפּט־ריכטונגען זענען געווען „אַפּטאַן און דאונטאַן".

צום „אַפּטאַן" האָבען געהערט רייכערע אידען, וועלכע האָבען זיך שוין פון לאַנג אויסגעגרינט שפּראַכליך און גייסטיג, זיי זענען געווען ווייניג פאַראינ־טערעסירט אין פּראָבּלעמען און שטרעבונגען פון אינטערנאַציאָנאַלער אידישקייט.

די „דאונטאַנער" זענען געווען אָרימערע און מיטעל־קלאַס אידען, אויך אבי־סעל פון די רייכערע. זיי האָבען זיך אינטערעסירט מיט די פּראָבּלעמען פון אַל־וועלטליכער אידישקייט און געלעבט מיט'ן גייסט פון היימישער קולטור און טראַדיציע. זיי האָבען אויך געהאַט אן אנדער צוגאַנג צו פילאַנטראָפּיע, צו צדקה — מעהר סענטימענטאַליזם, מעהר קאָנטאַקט מיט די צדקה־נעהמער.

וואָס מעהר אימיגראַנטען עס זענען אריינגעקומען אין מאַנטרעאָל אַלץ שאַרפער איז געוואָרען די ליניע צווישען „אַפּטאַן און דאונטאַן".

דאונטאַנער אידען האָבען אָנגעהויבען גרינדען פאַרשידענע פילאַנטראָפּישע און געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס אינגאַנצען אומאָפּהענגיק פון די רייכערע אידען, פון די „אַפּטאַנער".

דאונטאַנער אידען האָבען דאַן אויך גענומען שאַפען קולטורעלע און נאַציאָנאַ־לע אינסטיטוציעס צו פאַרבינדען גייסטיג און קולטורעל דאָס אידישע מאַנטרעאָל מיט אידישע קהלות אין אנדערע לענדער.

ווען דער געזעלשאַפטליכער לעבען פון די „דאַונטאַנער" אידען האָט זיך אָנגעהויבען אויסברייטערען, האָט זיך גענומען פיהלען אין שטאָט אַז עס איז נויטיג א אידישע צייטונג.

עטליכע „דאונטאַנער" אידען האָבען גענומען פּלאַנירען ארויסצוגעבען א טעגליכע אידישע צייטונג. דער הויפּט איניציאַטאָר איז געווען ה. וואָלאָפּסקי, וועלכער איז דאַן געווען דער אייגענטימער פון א סטאָר אין וועלכער פּעדלערס פלעגען איינקויפען זייערע סחורות צו פּעדלען.

עס איז, נאַטירליך, געווען זעהר שווער צו דורכפיהרען אזאַ פּלאַן. אָבער אין 1907 איז דער ציל דערגרייכט געוואָרען. אין יענעם יאָהר האָט אין מאַנטרעאָל אָנגעהויבען ערשיינען „דער קענעדער אָדלער".

די ערשיינונג פון „קענעדער אָדלער" איז געווען א גרויסע געשעהעניש פאַר די אידען פון מאַנטרעאָל און פון גאַנץ קאַנאַדע.

ווען די צייטונג האט אנגעהויבען ערשיינען איז ניט געווען זיכער אויב זי וועט דויערען צו לאַנג. אין יענער צייט האבען פילע אידען אין מאָנטרעאל גע־מיינט, אז עס איז א זעהר ריזיקאַלישע אונטערנעהמונג און אַז די באַפעלקערונג איז צו קליין פאַר אַ טעגליכע צייטונג. אַבער די צייטונג האט זיך געהאַלטען פעסט און זיך אַרויסגעוויזען צו זיין אַ שטאַרקער כוח פאַר דער אָרגאַניזירונג פון נאַציאָנאַלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס, פאַר דער אויספאָרמירונג פון אַ גרע־סערען אָרגאַניזירטען אידישען קהילה־לעבען אין מאָנטרעאל.

אין דעם יאָהר, אָדער אין די ערשטע פאַר יאָהר נאָך דער ערשיינונג פון „קענעדער אַדלער" האבען זיך אין מאָנטרעאל, מיט דער הילף פון דער צייטונג, געגרינדעט א צאָהל אָרגאַניזאציעס און סאָסייעטיס פאַר צדקה און געזעלשאַפט־ליכע צוועקען. אָרגאַניזאַציעס וועלכע האבען זיך געהאַט געגרינדעט פריהער זע־נען אויפגעלעבט געוואָרען א דאַנק דעם „קענעדער אדלער".

פאַר די אידען וועלכע זענען אנגעקומען פון אייראָפּע נאָך 1907 איז געווען אנגענעהם צו זעהן, אז זיי זענען געקומען אין א שטאָט וואס האט א אידיש טאָג־בלאַט. עס האט זיי געמאכט צו פיהלען וועניגער עלענד און איינזאַם אין דער פּע־ריאָדע פון זייער „גרינקייט". זיי האָבען געפיהלט, אז אין אידיש־געזעלשאפטלי־כען לעבען זענען זיי ניט „גרין". דאָס האט פאַר זיי געמיינט זעהר פיל.

פון „קענעדער אַדלער" האָבען אימיגראַנטישע אידען זיך דערוואוסט א סך זאַכען וועגען קאַנאַדע פון וועלכע זיי האָבען פריהער ניט געוואוסט. זיי האָבען אנגעהויבען הערען און וויסען וועגען אידען אין אנדערע קהלות פון קאַנאַדע, ווי אָטאָוואָ, טאָראָנטאָ, וויניפּעג א. א. ווייטער. זיי האָבען געהערט פון די וויכטיגע אידען אין אנדערע קאַנאַדער שטעט אויסער מאָנטרעאל.

דער „קענעדער אַדלער" איז געוואָרען דער צענטער פון געזעלשאפטליכען אידישען לעבען, דער נאַציאָנאַלער מויל דורך וועלכען עס האט גערעדט דער יונ־גער אידישער ישוב אין קאַנאַדע.

# דאָס לאַנד

ווען דער „קענעדער אדלער‟ האָט אנגעהויבען צו ערשיינען אין 1907 זענען די אידישע פּראָבלעמען געווען זעהן קליין און אומבאַדייטענד לגבי ווי זיי זענען איצט, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אידישע צייטונגען האָבען אין יענער צייט אויך געשריבען וועגען ציוניזם, אַנטיסעמיטיזם, אימיגראַציע — אָבער דער צוגאַנג צו אַט די פראַגען, דער פּאַרנעהם איז געווען זעהר קליין לגבי היינט.

איידער דער „קענעדער אדלער‟ איז ערשינען פלעגען אימיגראַנטישע אידען לייענען די אידישע צייטונגען פון ניו יאָרק, וועלכע האָבען וועגען קאנאדע גאָרנישט געשריבען. אין די צייטונגען פון דער אַלטער היים האָט מען וועגען קאנאדע אויך וועניג דערצעהלט, אויסער אַז עס איז אַ ווייט לאַנד. די אימיגראַנטישע אידען, וועלכע זיינען געקומען אַהער האָבען פון קאַנאַדע זעהר וועניג געוואוסט.

דער „קענעדער אדלער‟ איז פאַר די אימיגראַנטישע אידען געווען ווי אַ פענסטער דורך וועלכען זיי האָבען אַרויסגעקוקט און געזעהן דאָס לאַנד און די מענשען. זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז זיי געפינען זיך אין אַ גרויס לאַנד, איינע פון די גרעסטע לענדער אין דער וועלט.

זיי האָבען אויסגעפונען, אַז דאָס לאַנד איז איינגעטיילט אין פּראָווינצען אַזוי ווי רוסלאַנד איז איינגעטיילט אין גובערניעס. יעדע פּראָווינץ האָט אַ פּרעמיער פונקט ווי יעדע גובערניע האָט אַ גובערנאַטאָר.

זיי האָבען אויסגעפונען, אַז אויסער מאָנטרעאל זענען אין קאנאדע פאַראַן נאָך גרויסע שטעט, ווי טאָראָנטאָ, אָטאַווא, האַמילטאָן, האַליפאַקס, וויניפּעג, וואו עס וואוינען אידען; זיי האָבען אויך אויסגעפונען, אַז ערגעץ ווייט, ווייט, נאָך ווייטער פון וויניפּעג, זענען פאַראַן אידישע קאָלאָניעס — דערפער פון דורכאויס אידישע פאַרמערס, וועלכע ווערען געשטיצט פון דער „איקא‟, אַן ארגאַניזאַציע פון וועלכע מען פלעגט פיל שרייבען אין די צייטונגען פון דער אַלטער היים, אין „פריינד‟, אין „הײַנט‟ און אין „הצפירה‟.

זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז אין קאנאדע זענען פאַראַן געגענדען, וואו מען גראָבט קוילען פון דער ערד און אַז עס זענען פאַראַן געגענדען וואו מען גראָבט גאָלד; אַז אין די ווייטע פּראָווינצען אויף דער אַנדער זייט וויניפּעג וואַקסען אַ סך ווייץ און קאָרן, מיט וועלכע מען וואָלט געקענט שפּייזען אפשר אַ האַלבע וועלט.

אין אַלע ווייטע געגענדען פון קאנאדע — האָבען זיי זיך דערוואוסט דורך דער צייטונג — פאַרשפּרייטען זיך אידען, וועלכע זענען געקומען פון פאַרשידענע לענדער: פון רוסלאַנד, פון רומעניע, פון גאַליציע, פון בוקאָווינע, פון אונגאַרן; אַז פילע פון אַט די אימיגראַנטישע אידען זענען אַוועקגעפאָרען ווייט און טיף

אין לאַנד און זיך באַזעצט אין קליינע שטעטלאך, וואו עס זענען ניטאָ קיין שניידער־שעפּער אדער קלאָוקס־שעפּער און זיי האָבּען זיך דאָך גוט איינגע־אָרדענט און זיך ,,אויסגעגרינט'' און זיך ,,אַרויפגעאַרבּייט'' נאָך גיכער ווי די אימיגראַנטען, וועלכע זיינען געקומען אין דער גרויסער שטאָט, אין מאָנטרעאל.

קאנאדע, האָבּען זיי זיך דערוואוסט, איז אַ ריזיג לאַנד; עס נעהמט היבּשע עטליכע טעג דורכצופאָרען מיט אַ באַן פון איין בּרעג לאַנד צו אַ צווייטען; אַז דאָס לאַנד איז אָפען און פריי פאַר יעדען בּירגער צו פאַרנעמען זיך מיט וועלכער באַשעפטיגונג ער וויל; אַז אין לאַנד זענען פאַראַן אַלע סאָרטען אינדוסטריעס און געשעפטען, בּיי וועלכע מען קען אַרבּייטען; אַז אין לאַנד זענען פאַראַן אוניווערזיטעטען פאַר יונגע מענשען, וועלכע ווילען שטודירען און גראַדואירען אַלס דאָקטוירים, יוריסטען, אינזשינירען א.אז.וו.

* * *

דורך דעם ,,קענעדער אדלער'' האָבּען די אימיגראַנטישע אידען זיך אויך בּאַקאַנט מיט דער רעגירונג פון לאַנד.

די צייטונג האָט זיי אָפט דערציילט וועגען דעם פּרעמיער סיר ווילפריד לאָריע און וועגען די מיניסטאָרען, וועלכע זיצען אין דער הויפּט־שטאָדט אָטאַוואָ און רעגירען דאָס לאַנד.

וועגען פּרעמיער לאָריע האָט די צייטונג דערציילט אַ סך גרויסע זאַכען פון וועלכע די אימיגראנטישע אידען פלעגען זיין שטאַרק אימפּאָנירט. פּרעמיער לאָריע איז פון דער צייטונג אָפט געשילדערט געוואָרען אַלס אוהב ישראל, אַלס איינער פון די גרעסטע ליבּעראַלען אין דער וועלט.

אין ,,קענעדער אדלער'' פלעגט מען שרייבּען ווי פּרעמיער לאָריע אינ־טערעסירט זיך מיט דער לאַגע פון די רוסישע און רומעניע אידען; אַז ער סימפּאַטיזירט זעהר שטאַרק מיט יענע רומענישע אידען, וועלכע מען האָט גערופען די ,,פוס־געהער'', וועלכע האָבּען זיך געלאָזט געהן צופוס פון זייער לאַנד קיין אַמעריקע אויס פּראָטעסט געגען זייער רעגירונג, וועלכע ערמוטיגט אַנטיסעמיטישע אַנפאַלען אויף אידען; אַז וועגען די רוסישע אידען איז פּרעמיער לאָריע שטאַרק בּאַזאָרגט; אַז עס טוט איהם וועה וואָס אין דעם צאַר'ס מדינה מאַכט מען פּאָגראָמען אויף אידען; אַז ער האָט איינמאָל מיט טרערען אין די אויגען גערעדט בּיי אַ מאַסענפאַרזאַמלונג אין דער אָטאַווער שוהל, וואָס איז גערופען געוואָרען צו פּראָטעסטירען געגען דעם קעשענעווער פּאָגראָם.

רוסישע און רומענישע אידען האָבּען באַלד געקראָגען גרויס דרך־ארץ פאַר דעם פּרעמיער פון קאנאדע, וועלכער האָט עפענטליך פאַרדאַמט דעם אַנטי־סעמיטיזם אין די לענדער פון וואַנען זיי קומען. זיי האָבּען איהם אָנגענומען אַלס איינעם פון די חסידי אומות העולם. די אידען פון בוקאָווינע און פון גאַליציע האָבּען איהם צוגעגליכען צו קעניג פראַנץ יאָזעף, וועלכען זיי האָבּען געהאַלטען פאַר אַ אוהב ישראל און פאַר איינעם פון די גרעסטע ליבּעראַלען אין דער וועלט.
ווען פראַנץ יאָזעף פלעגט אַריינפאָהרען אין אַ קליין שטעדטעל פון גאַליציע —

אזוי פלעגען גאַליציאַנער אידען דאַן דערציילען — פלעגען קריסטען אַרויסקומען איהם באַגעגענען מיט קריסטליכע הייליגקייטען און אידען פלעגען קומען אַנטקעגען מיט אַ ספר־תורה, פלעגט פראַנץ יאָזעף צוגעהן פריהער צו דער אידישער עדה, קושען פריהער די ספר־תורה און נאָכהער געהן צו דער קריסטליכער גרופּע און קושען די קריסטליכע הייליגקייטען.

וועגען די מיניסטאָרען פון לאָריע׳ס קאַבינעט פלעגט מען אויך אָפּט שרייבען אין „קענעדער אדלער״. אויך זיי פלעגען באַצייכענט ווערען אַלס פריינדליכע מענשען און דער עיקר אַלס ליבעראַלען.

דאָס וואָרט „ליבעראַל״ איז געווען זעהר טייער ביי די אימיגראַנטישע אידען פון רוסלאַנד און רומעניע.

אין רוסלאַנד זענען עס געווען די ליבעראַלען, וועלכע האָבען פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אָפּשאַפען די „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי״ (תחום המושב) און געבען די אידען גלייכע רעכט. די רוסישע אידען האָבען די ליבעראַלע מיניסטאָרען פון קאַנאַדע אין זייערע געדאַנקען צוגעגליכען צו אַזעלכע רוסישע ליבעראַלען ווי מיליוקאָוו, מאַקלאַקאָוו און ראָדיטשעוו, וועלכע האָבען אין דער „גאָסודאַרסטווענער דומע״ זיך איינגעשטעלט פאַר אידען. זיי זענען געווען צופרידען וואָס זיי אַרדענען זיך איין אין אַ לאַנד וואָס האָט אַזאַ ליבעראַלע רעגירונג און געדאַנקט גאָט וואָס זיי זענען פּטור געוואָרען פון דעם צאַר׳ס רעגירונג מיט זיינע אַנטיסעמיטישע מיניסטאָרען און גובערנאַטאָרען.

# די שטאָט

ווען עס האָט אָנגעהויבען ערשיינען דער „קענעדער אדלער'' האָבען די איינגעוואַנדערטע אידען, דורך דער צייטונג, אָנגעהויבען זיך באַקאַנען אויך נעהענטער מיט דער שטאָט.

איידער די צייטונג איז ערשינען, האָבען זיי פון דער שטאָט וועניג געוואוסט. זיי האָבען געקאַנט בלויז עטליכע גאַסען. זיי האָבען גוט געקאַנט די גאַס אין וועלכער זיי האָבען געוואוינט און אויך די גאַס אין וועלכער זיי האָבען געאַרבייט און די גאַס אין וועלכער זיי פלעגען שפּאַצירען, ווי מיין סטריט, סט. קעטרין סטריט, נאָטרע דיים סטריט, קרייג סטריט. זיי האָבען אויך געוואוסט פון שענעוויל סט., ווייל דאָרט איז געווען די רומענישע שוהל. זיי האָבען אויך געוואוסט פון דאָרטשעסטער סטריט ווייל דאָרט איז געווען דער דזשענעראַל האָספּיטאַל און קאַמאַן סטריט ווייל דאָרט איז געווען דער האַפען וואו מען פלעגט נעהמען די שיף צו פאָהרען צו סט. העלענס איילאַנד. — אָבער די שטאָט בכלל איז פאַר זיי געווען פרעמד און אומבאַקאַנט.

איידער דער „קענעדער אדלער'' איז ערשינען האָבען די אימיגראַנטישע אידען געלייענט בלויז ניו יאָרקער צייטונגען. האָבען זיי געוואוסט אַלץ וואָס עס טוט זיך אין ניו יאָרק. זיי האָבען געוואוסט די נעמען פון אַלע גאַסען אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סייד; זיי האָבען געוואוסט אויף וועלכע גאַסען אין ניו יאָרק עס שטעהען די פּושקאַרט־פּעדלערס און אויף וועלכע גאַסען פון דער איסט־סייד איז שטענדיג פינסטער, ווייל איבער זיי לויפען די עלעווייטאַר־באַהנען. זיי האָבען געוואוסט אין וועלכע ניו יאָרקער גאַסען עס שטעהען די אַלטע טענעמענט־הייזער, — ווייל דאָס אַלץ איז באַשריבען געוואָרען אין די אַרטיקלען און ערצעהלונגען וועלכע זיי פלעגען לייענען אין די אידישע צייטונגען פון ניו יאָרק. זיי האָבען אָבער זעהר וועניג געוואוסט פון די מאָנטרעאָלער גאַסען.

לייענענדיג די ניו יאָרקער אידישע צייטונגען האָבען די מאָנטרעאָלער אידען געוואוסט פון יעדער גרויסער שריפה אין ניו יאָרק. ווען אַ ניו יאָרקער פּאָליסמאַן האָט אַרעסטירט אויף דער איסט־סייד א פּושקאַרט־פּעדלער פאַר פּעדלען אָהן לייסענס האָט מען אויפ'ן צווייטען טאָג געוואוסט דערפון אין מאָנטרעאָל, און אימיגראַנטישע אידען האָבען דערפון גערעדט ווי פון א וויכטיגער געשעהעניש. מען האָט געוואוסט די נעמען פון ניו יאָרקער גענגסטערס און געמבלערס און יעדעס מאָל ווען צוויי גענגסטערס פלעגען זיך שלאָגען אויף דער איסט־סייד איז עס געווען א וויכטיגע נייעס וועלכע די ניו יאָרקער צייטונגען האָבען געבראַכט אויך צו די אימיגראַנטישע אידען אין מאָנטרעאָל.

די איינגעוואַנדערטע אידען האָבען נאָך ניט געקאָנט לייענען די ענגלישע צייטונגען פון שטאָט, האָבען זיי דעריבער ניט געקאַנט וויסען וואָס אין שטאָט טוט

זיך. מאָנטרעאַל איז פאר זיי געוועזן נאָך ווי א פאַרמאַכטער בוך. דער „קענעדער אדלער״ האָט פאר זיי דעם בוך געעפענט. דורך דער צייטונג האָבּען זיי אויסגעפונען, אז זיי וואוינען אין א גרויסער שטאָט אין וועלכער עס לעבּען מענשען פון פאַרשידענע שפּראַכען, פון פארשידענע ראַסען, גלויבּענס און קולטורען.

זיי האָבּען זיך דערוואוסט,׳ אז כאָטש מאָנטרעאַל איז ניט די הויפּט-שטאָט פון לאַנד און ניט די הויפּט־שטאָט פון פּראָווינץ, איז זי אָבּער די גרעסטע שטאָט פון קאַנאַדע און איז איינע פון די גרעסערע שטעט אין צפון־אַמעריקע, אז מאָנטרעאַל האָט בּאַריהמטע אוניווערזיטעטען און גרויסע אינדוסטריס; אז זעהר אָפּט קומען אַהער וועלט-בּאַריהמטע קינסטלער, ערשט-קלאַסיגע זינגער און מוזיקער פון וועלכע מען האָט געהערט נאָך זייענדיג אין אייראָפּע.

לייענענדיג דעם „קענעדער אדלער״ האָבּען זיי אויך געהאַט א געלעגענהייט צו בּאַקאַנען זיך מיט די מענשען פון דער שטאָט.

דורך דער צייטונג האָבּען זיי זיך דערוואוסט, אז אין מאָנטרעאַל זענען פאַראַן אויסער ארבּייטער און בּעלי־בּתים, פאַרלייט און דעזיינערס, פעדלערס און גראָסערלייט, אויך אדוואָקאַטען און ריכטער און א סיטי־מעיאָר און אַלדערמען, און אויך דעפּוטאַטען פון קוויבּעקער לעדזשיסלייטשור, און דעפּוטאַטען פון דעם פעדעראַלען פאַרלאַמענט, אין אָטאַוואַ.

און עס זענען אויך פאַראַן מענשען וועלכע שרייבּען אין ענגלישע צייטונגען און אין פראַנצויזישע. די מעהרסטע פון אָט די שרייבּער זענען פריינדליך צו אידען און צו אימיגראַנטען, אָבּער עס זענען אויך פאַראַן אזעלכע שרייבּער וועלכע טשעפּען זיך צו אידען, וועלכע זענען ניט צופרידען מיט די אידישע איינוואַנדערער פון רוסלאַנד און רומעניע, וועלכע זוכען חטאים אויף אימיגראַנטישע מענשען. אין „קענעדער אדלער״ פלעגט מען ענטפערען אָט די סאָרטען שרייבּער, וועלכע פלעגען שרייבּען מעהרסטענס אין פראַנצויזיש, אין קלענערע צייטונגען אָדער זשורנאַלען.

אין א ים זענען פאַראַן אלערליי סאָרטען פיש און אין א גרויסער שטאָט — אלערליי מענשען.

און צווישען די „אלערליי מענשען״ פון מאָנטרעאַל האָבּען איינגעוואַנדערטע אידען זיך דערוואוסט דורך דער צייטונג, זענען אויך פאַראַן בּויאַנעס וועלכע בּאַפאַלען א אידען פון צייט צו צייט און שלאָגען.

עס איז געוועזן פיינליך פאר אימיגראַנטישע אידען פון רוסלאַנד און רומעניע צו הערען, אַז אין מאָנטרעאַל זענען אויך פאַראַן בּויאַנעס פאַר וועלכע אַ איד דאַרף זיך היטען. זיי האָבּען זיך אָבּער געטרייסט דערמיט, אז די בּויאַנעס זענען א קליינער מינאָריטעט אין דער בּאַפעלקערונג; אז אויבּ מען קאָן זיי שלאָגען צוריק, מאָג מען עס טהאָן. זיי האָבּען אויך געהערט, אז עס איז אין שטאָט פאראַן אָן אָרגאַניזאַציע פון אידען, אַזאַ קאָמיטעט, וואָס פאַרנעמט זיך ספּעציעל מיט בּאַשיצען אידען פון אָט די בּויאַנעס; אז אָט די אָרגאַניזאַציע, וועלכע הייסט „סיטיזענס ליג״,

פאַרנעהמט זיך אויך מיט העלפען אימיגראַנטישע אידען צו קריגען ,,סיטיזנע פייפערס'' און ווערען בירגער פון לאַנד.

דורך דעם ,,קענעדער אדלער'' האָבען די אימיגראנטישע אידען זיך דער־וואוסט, אז מאַנטרעאל האָט א סך ענליכקייטען צו ניו יאָרק; אז אין מאַנטרעאל זענען אויך פאַראַן גענגסטערס און געמבלערס, אז פון צייט צו צייט קומען פאָר גרויסע פּראָצעסען אין די מאָנטרעאלער געריכטען אין וועלכע מען משפט געפער־ליכע פאַרברעכער; אז פון צייט צו צייט פּראָצעסירט מען דאָ א מענשען פאר באַ־געהן א מאָרד — אמאָל צוליב רויב, אמאָל צוליב לינקע ליבע, אמאָל צוליב נקמה און אמאָל צוליב עפּעס אַנדערש.

דורך דער צייטונג האָבען די אימיגראַנטישע אידען דערקאָנט גוט די שטאָט, סיי איהרע שעהנע זייטען, סיי די שאָטענדיגע.

# די קהלה

אין דעם יאָהר ווען עס האָט אַנגעהויבען ערשיינען דער „קענעדער אדלער״ איז געווען אין לאַנד אַ קריזיס. אימיגראַנטישע אידען האָבען פון איהם שטאַרק געליטען.

פילע פון זיי האָבען אינגאַנצען פארלוירען זייערע „דזשאָבס״. אַנדערע זענען געבליבען אַרבייטען אָבער פאַרדינט שרעקליך ווייניג.

אין יענער צייט האָבען דאונטאונער אידען אָנגעהויבען גרינדען פילאַנט־ראָפּישע אָרגאַניזאַציעס צו העלפען געדריקטע פאַמיליעס.

עס האָט זיך דאַן געגרינדעט די „מלביש ערומים״ סאָסייעטי צו באַזאָרגען מיט קליידער די קינדער פון אָרימע עלטערען.

אין יענער צייט האָבען הונדערטער אַרבייטער־פאַמיליעס ניט געקאָנט באַקליידען זייערע קינדער. שניידערס, וועלכע האָבען גענייט קליידער פאַר אַנדערע האָבען ניט געקאָנט באַקליידען זייערע אייגענע קינדער, וועלכע זענען געגאַנגען אין דאַפּרעין סקול אָדער אַבערדין סקול.

עס האָט זיך געגרינדעט די „היברו קאָנסאָמפּטיוו עיד סאָסייעטי״ — צו העלפען פאַמיליעס פון שניידערס און קלאָוקמאַכער אויב אימיצער פון דער פאַמיליע איז קראַנק געוואָרען אויף שווינדזוכט.

אין יענער צייט האָבען נאָדעל־פאַך אַרבייטער געאַרבייט אין סוועט־שעפּער צעהן שטונדען אַ טאָג. ווען דער סעזאָן איז געווען אין פולען שוואונג פלעגען זיי אַרבייטען מעהר. דער דורכשניטליכער שניידער האָט אויסגעזעהן בלייך און מאָגער. אַ צאָל פון זיי איז קראַנק געוואָרען אויף שווינדזוכט.

עס האָבען זיך געגרינדעט אַנדערע הילפס־אָרגאַניזאַציעס. פרויען האָבען געגרינדעט די „ליידיס רעליף סאָסייעטי״. די דאָזיגע סאָסייעטי האָט זיך פאַר־נומען מיט העלפען אויך אַזעלכע פאַמיליעס וועלכע האָבען געוואָלט באַהאַלטען זייער אָרימקייט, עס זאָל קיינער ניט וויסען.

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבען קריסטאַליזירען די אידישע קהילה, די צייטונג איז געווען דער אינסטרומענט צו בויען און ענטוויקלען דאָס געזעל־שאַפטליכע אידישע לעבען. די צייטונג האָט פאַרבונדען איין גרופּע אידען מיט אַ צווייטער.

אויך פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך אָרגאַניזירט אין יענער פעריאָדע. בעסאַראַביער אידען האָבען אין 1907 געגרינדעט די „בעסאַראַביער היברו סיק בענעפיט סאָסייעטי״. דעם זעלבען יאָהר האָט זיך אָרגאַניזירט אין מאָנטרעאַל אַ בּרענטש פון „אַרבייטער רינג״. די איינציגע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען עקזיסטירט פון פריהער האָבען אויפגעלעבט.

אויך אָרטאָדאָקסישע אידען זענען געוואָרען אַקטיווער. עס האָבען אָנגע־

הויבען זיך גרינדען נייע קאנגרעגיישאנס. עס האבען זיך אויך אנגעהויבען ווייזען שוהלען פון חסידישע אידען.

צווישען די איינגעוואנדערטע עלטערע אידען, וועלכע זענען געבראכט גע־ווארען אהער פון זייערע קינדער זענען געווען חסידים, וועלכע האבען אין זייערע היימישע שטעטלאך געדאווענט אין חסידישע קלויזען און געווען אנהענגער פון געוויסע חסידישע רביים. קומענדיג קיין מאנטרעאל האבען זיי אין די ערשטע יאהרען שטארק געבענקט נאך די חסידישע קלויזען און נאך דעם חסידישען נוסח פון דאווגען. ווען זיי האבען זיך אביסעל אויסגעגרינט און געזעהן, אז עס איז ניט שווער צו גרינדען א קאנגרעגיישאן, האבען זיי זיך צוזאמענגענומען און געגרינדעט א קליינע שוהל, וואו די אטמאספערע און דער נוסח פון דאווגען זאל זיין מעהר־וועניגער ענליך צו די חסידישע קלויזען פון דער אלטער היים נאך וועלכער זיי האבען געבענקט.

עלטערע מתנגד'ישע אידען האבען אין יענער צייט אויך געגרינדעט קליינע שוהלען. אויך זיי האבען געזוכט מעהר רעליגיעזע אטמאספערע און וואו זיי זאלען קאנען ארייגקומען אפטער ווי אין די גרויסע שוהלען. די עלטערע אידען פלעגען זיין פאראינטערעסירט צוזאמענצוקומען זיך יעדען טאג אין שוהל, דערציילען מעשיות און אנעקדאטען וועגען די גרויסע רבנים פון יענער צייט, רבי יצחק אלחנן, רבי חיים בריסקער, רב ישראל־מאיר ראדינער (חפץ חיים) און אנדערע.

* * *

אויפ'ן קולטורעלען געביט האט זיך אויך אנגעהויבען פיהלען א פארבעסערונג, אן אויפלעבונג.

אין די אידישע בוכהאנדלונגען אויף מיין סטריט האבען זיך גענומען ווייזען מעהר וויכטיגע ביכער, איינשליסענדיג אויך ביכער פון היסטאריע און וויסענ־שאפט. פאר 10 אדער 15 סענט האט מען געקאנט קויפען א ביכעל וועגען כעמיע, אדער אסטראנאמיע, אדער דראטלאזען טעלעגראף. אבער איינ־געוואנדערטע אידען האבען געארבייט שווער און ניט געהאט קיין צייט צו לייענען ביכער. נאר ערב פסח אדער ערב סוכות פלעגען זיי קויפען „מיניקעס יום־טוב בלעטער", וואו כמעט אלע אידישע שרייבער און כלל־טוער פון אמעריקע זענען געווען פארטראטען מיט ארטיקלען, ערציילונגען און לידער. דער דורכשניט־ליכער אימיגראנטישער איד, וועלכער פלעגט קויפען „מיניקעס יום־טוב בלע־טער" ערב פסח האט שוין געהאט גענוג צו לייענען א גאנצען זומער, ביז ערב סוכות. די „בלעטער", וועלכע ער האט געקויפט ערב סוכות האט ער געלייענט א גאנצען ווינטער ביז ערב פסח.

די מערסטע אימיגראנטישע אידען האבען ניט געהאט קיין צייט צו לייענען ביכער, אבער יעדער איד האט געלייענט א צייטונג.

אפילו אזעלכע אידען וועלכע האבען ניט געלייענט קיין אידישע צייטונגען אין דער אלטער היים האבען געלייענט א אידישע צייטונג אויף דער זייט ים.

דערפאַר האָבען די צייטונגען אין אַמעריקע און אין קאנאדע געמוזט זיין אייב־פאַכער, לייכטער, האָבענדיג אין זינען אַזעלכע סאָרטען לייענער, וועלכע די אידישע און העברעאישע צייטונגען פון רוסלאַנד האָבען ניט געהאַט.

אין דער צייט ווען דער „קענעדער אדלער״ האָט אָנגעהויבען ערשיינען זענען אין די אידישע און העברעאישע צייטונגען געשריבען געוואָרען וועגען פאָלגענדע פראַגען, וועלכע זיינען געווען די הויפּט אידישע פּראָבלעמען פון יענער צייט.

וואָס וועט זיין מיט די אידען אין רוסלאַנד? וועלען די ליבעראַלע און קולטורעלע איינפלוסען פון מערב־אייראָפּא ווירקען אויף דער צאַרישער רע־גירונג, אַז זי זאָל אָפּשאַפען די אויסנאַהם־געזעצען געגען אידען, אָדער ניט?

אַ סך אידישע שרייבער זיינען געווען אָפּטימיסטיש. זיי פלעגען שרייבען מיט באַגייסטערונג וועגען די ליבעראַלע און קולטורעלע מענשען פון מערב־אייראָפּע און אויסגעפיהרט, אַז דער דרוק פון לאָנדאָן און פּאַריז וועט ווירקען אויפ׳ן צאַר צו געבען די רוסישע אידען גלייכבאַרעכטיגונג.

אַנדערע שרייבער זענען געווען פּעסימיסטיש. זיי פלעגען שרייבען, אַז אויף די דיפּלאָמאַטען און שטאַטסלייט פון לאָנדאָן און פּאַריז קאָן מען ניט האָפען, ווייל זיי זענען פאַראינטערעסירט צו שטיצען דעם צאַר דערפאַר ווייל ענגלישע און פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטען אינוועסטירען אַ סך געלד אין רוסישע אינדוסטריעס און אונטערנעמונגען. מען מוז וואַרטען, פלעגען זיי שרייבען, אויף אַן איבערקערעניש פון אינווייניג, נאָר דאַן וועט קומען גלייכהייט פאַר אידען.

און עס איז אויך געווען די פראַגע וועגען טערקיי און ארץ ישראל.

די פראַגע איז געווען: וועט די טערקישע רעגירונג געבען די ציוניסטען אַ טשאַרטער אויף ארץ ישראל?

די אָפּטימיסטישע שרייבער האָבען געגלויבט, אַז די ציוויליזירטע אייראָ־פּעאישע לענדער וועלען אויפנעהמען פריינדליך די „יונג״־טערקען און אַז עס וועט זיך אָנהויבען א גליקליכע און נייע עפּאָכע פאַר אַלעמען, אויך פאַר אידען. די פּעסימיסטען ווידער האָבען געשריבען, אַז די אייראָפּעאישע גרויסמאַכטען וועלען אינטריגירען געגען דער נייער טערקיי און אָנרייצן די קלענערע מדינות צו פיהרען מלחמה געגען די טערקען, כדי צו ברעכען די טערקישע אימפּעריע.

אין יענער צייט זענען די אידישע צייטונגען געווען פול מיט יונג־טערקען... אַבדול האַמיד . . . באַלקאַנען . . . טריפּאָלי . . . דאַרדאַנעלען. דער עיקר — דאַרדאַנעלען.

אין די ערשטע פּאָר יאָהר וואָס דער „קענעדער אדלער״ איז ערשינען איז די הויפּט־נייעס אין דער צייטונג געווען וועגען די מלחמות וואָס איטאַליע און נאָכהער די באַלקאַן־לענדער האָבען געפיהרט געגען טערקיי.

# שרייבער

ווייניג שרייבער זיינען געווען אין מאָנטרעאל, בעת דער „קענעדער אדלער" האָט אנגעהויבען דערשיינען.

עס זענען אייגענטליך גארניט געווען קיין שרייבער פון וועלכע מען האָט פריהער געהאט געוואוסט. צו קריגען דעם ערשטען רעדאקטאָר האָט מען באַדאַרפט פאָהרען קיין ניו יאָרק. אויך דעם צווייטען האָט מען באַדאַרפט ברענגען פון דאָרטען. ניו יאָרק האָט שוין געהאט א היבשע משפחה פון אידישע שרייבער און דיכטער.

דער ערשטער רעדאקטאָר איז געווען מיכל אַראָנסאָן. ער האָט פאַרבראַכט א קורצע צייט און איז אַוועק צוריק קיין ניו יאָרק. האָט מען געבראַכט א. וואָהלינער (לאנדוי) וועלכער איז שוין געווען אן אנגעזעהענער זשורנאַליסט, אן אַלווייטיגער פובליציסט און אויך א פעליעטאָניסט. אָבער אויך ער איז לאַנג ניט געווען מיט דער צייטונג. ווען ער איז אוועק, איז א. ראַבאַק, שוין דוקא א מאָנטרעאלער יונגערמאַן, געווען דער רעדאקטאָר, אָבער אויך פאַר א קורצער צייט. ווען ער האָט אויפגעהערט צו רעדאַגירען האָט מען ווידער געבראַכט א רעדאקטאָר פון ניו יאָרק — דר. וואַרסטמאַן. דער ערשטער וויכטיגער רעדאקטאָר פון דער צייטונג איז געווען ראובן ברייניז. ער איז געקומען אין מאָנטרעאל אין 1912, ווען די צייטונג איז אַלט געווען 5 יאָהר.

דער ערשטער פון די לאָקאַלע מיטאַרבייטער אין דער צייטונג איז געווען ב. ג. זאַק.

אין שטאָט איז ב. ג. זאַק געווען ניט באַוואוסט. מען האָט געקאַנט זעהר גוט זיין ברודער מענדעל לייב זאַק. דעם ברודער האָט מען געקאַנט אלס העברעאיסט, פעדאַגאָג און למדן און אויך אַלס געזעלשאפטליכען טוער. אָבער ב. ג. זאַק איז צו דער עפענטליכקייט געווען אינגאַנצען אומבאַקאַנט.

ווען ב. ג. זאַק האָט געהערט, אז עס האַלט ביי ארויסגעהן א טעגליכע צייטונג, האָט ער צוגעשיקט אן אַרטיקעל. זיין ארטיקעל האָט גוט אויסגענומען און אזוי ארום איז א לאָקאַלער שרייבער „ענטדעקט" געוואָרען. דער „קענעדער אדלער" האָט געקראָגען זיין ערשטען מיטאַרבייטער.

ב. ג. זאַק האָט אנגעפאַנגען מיט'ן „קענעדער אדלער" און דער „קענעדער אדלער" האָט אַנגעהויבען מיט איהם. רעדאקטאָרען האָבען זיך געביטען, שרייבער זענען געקומען און אַוועק אָבער — ניט זאַק. ער איז מיט דער צייטונג פון דעם ערשטען טאָג ביז היינט — דער פובליציסט, עדיטאָריעל-שרייבער און היסטאָריקער — דער היסטאָריקער פון אידישען לעבען אין קאַנאַדע.

אין די ערשטע עטליכע יאָהר פון דער צייטונג האָבען זיך געוויזען עטליכע לאָקאַלע שרייבער. זיי זענען רעקרוטירט געוואָרען פון אינטעליגענטע ליטעראַ-

טור־לייענער. צווישען זיי זענען געווען: ש. תלפיות, א געשעפטסמאן, וועלכער
איז געווען באוואוסט אלס קענער פון תלמוד און פון חכמת ישראל, דער סטודענט
א. א. ראבאק, וועלכער איז דערמאנט געווארען פריהער. ראבאק האט גראדואירט
מעקגיל און איז געווארען א וויכטיגער וויסענשאפטסמאן, א פארפאסער פון בי־
כער איבער פסיכאלאגיע. ער איז אויך געווארען א קענער פון דער מאדערנער
אידישער ליטעראטור. עס האבען זיך אויך באוויזען אזעלכע שרייבער ווי א. יאמ־
פאלסקי, מ. שמועלזאן, ש. שנייאר, קארנבליט, מאלאמוטה.

כמעט אלע אידישע שרייבער אין יענער צייט זענען געווארען שרייבער
דערפאר ווייל זיי זענען געווען אינטעליגענטע לייענער. נאך זייענדיג אין דער
אלטער היים האבען זיי געלייענט א סך ביכער און זשורנאלען אין העברעאיש,
רוסיש און אנדערע שפראכען. קומענדיג קיין אמעריקע האבען זיי זיך אנגעהוי־
בען מישען אין געזעלשאפטליכען לעבען און דערפילט א דראנג צו שרייבען.
געוועזענע ישיבה־בחורים האבען זיך גענומען שרייבען ראמאנען פון וועלכע
די צייטונגס־לייענער זענען געווען גוואלדיג ענציקט: אנדערע תלמוד־יסטען,
וועלכע זענען אין די ישיבות פון וואלאזשין און טעלז, סלאבאדקע און מיר, גע־
ווען עקספערטען אין פלפול פון גמרא, האבען זיך אנגעהויבען פארנעהמען מיט
שרייבען פלפול־ארטיקלען וועגען סאציאליסטישע טעאריעס און פילאזאפיעס,
איבער וועלכע אינטעליגענטע ארבייטער מיט ראדיקאלע נייגונגען פלעגען שאר־
פען זייערע מוחות.

צווישען די אינטעליגענטע אימיגראנטען זענען געווען אמאליגע אוניווער־
זיטעט־סטודענטען אין רוסלאנד אדער רומעניע וועלכע האבען זיך גענומען שריי־
בען וועגען מאראל, וועגען באציאונגען צווישען חתן־כלה, מאן און ווייב, עלטע־
רען און קינדער; געוועזענע העברעאישע משכילים האבען זיך גענומען ספעצי־
אליזירען אלס שרייבער איבער ליטעראטור־קריטיק, קולטור־פארשונג, אדער —
פיעסען פארן טעאטער. אינטעליגענטע שאפ־ארבייטער וועלכע האבען געקראגען
זייער בילדונג דורך פארטיי־פראקלאמאציעס, האבען אנגעהויבען שרייבען קור־
צע ערצעהלונגען אדער לידער.

# די פרעסע

מאנטרעאלער אידען האבען געלייענט ניו יארקער אידישע צייטונגען איידער דער ,,קענעדער אדלער'' איז ערשינען און לייענען זיי ביז היינטיגען טאג.

אין נאציאנאלע אידישע פראגען האבען די ניו יארקער אידישע צייטונגען אויסגעאיבט א שטארקען איינפלוס אויך אויף די אידען פון קאנאדע.

לייענענדיג די ניו יארקער אידישע צייטונגען האבען די איינגעוואנדערטע זיך באקאנט מיט די גדולים פון אידישען געזעלשאפטליכען לעבען אין יענער צייט.

מען פלעגט שרייבען זעהר פיל וועגען דזשייקאב שיף, דער גרויסער באנקיר פון וואל סטריט, וועלכער איז אויך געווען א גרויסער פילאנטראפ. א צווייטער וויכטיגער בעל־צדקה, פון וועלכען מען פלעגט אפט שרייבען איז געווען נייטען שטראוס.

זעהר פיל האט מען געשריבען וועגען די באריהמטע אדוואקאטען און כלל־טוער לואי מארשאל און סעמועל אינטערמייער. וועגען לואי מארשאל פלעגט מען שרייבען ווי פון איינעם פון די גרעסטע פארטיידיגער פון אידישע רעכט אין יענער צייט.

אין דער ציוניסטישער באוועגונג זענען געווען אזעלכע גדולים ווי דזשייקאב דע־האז, לואי ליפסקי, לואי בראנדייס, יוסף באראנדעס און אב. גאלדבערג. די גדולים פון די פועלי ציון זענען געווען: דר. נ. סירקין און דר. חיים זשיטלאווסקי.

אין די ארבייטער און סאציאליסטישע קרייזען זענען געווען באוואוסט: מאריס הילקוויט, מאיר לאנדאן, שלעזינגער, ב. ש. שיפליאקאוו און מאקס פיין.

פראפעסאר געצעל זעליקאוויטש איז געווען פון די פאפולערע שרייבער אין ,,טאגעבלאט''. ער פלעגט שרייבען וועגען אידישקייט, חכמת־ישראל און הויך־פאליטיק. אין זיינע ארטיקלען פלעגט ער ציטירען מאמרים פון גמרא און פסוקים פון חומש.

די אידען וועלכע האבען ניט געהאט קיין געדולד פאר הויך־פאליטיק אדער חכמת־ישראל פלעגען זיך קוויקען מיט מ. זייפערט'ס ראמאנען. די העלדען פון זיינע ראמאנען זענען געווען פראסטע, ניט־געלערנטע אידען, אבער מיט ווארימע אידישע הערצער און איידעלע נשמות, וועלכע האבען זיך גוט אריינגעפאסט אין דער נייער וועלט, אין אמעריקע.

א סך אידען האבען געהאט גרויס פארגעניגען לייענענדיג אין ,,טאגעבלאט'' תשרק'ס הומאריסטישע מעשה'לאך. אלע זענען געווען פאראינטערעסירט אין ,,חיים דער קאסטימער פעדלער'', תשרק'ס א טיפ פון אן אימיגראנטישען איד, וועלכער האלט אין פראצעס פון ,,אויסגרינען זיך'', פון איינלעבען זיך מיט אמעריקע.

די אידען, וועלכע פלעגען לייענען די „ווארהייט'' האבען שטארק הנאה געהאט פון לואי מילער'ס דינאמישע עדיטאריעלס.

לואי מילער פלעגט שטענדיג שטורמען אין זיינע עדיטאריעלס. שטענדיג פלעגט ער זיך קריגען אין נאמען פון אידישען פאלק, אדער אין נאמען פון די גערדריקטע פאלקס־מאסען. ער פלעגט אטאקירען לינקס און רעכטס.

זעהר אפט פלעגט ער ארויסקומען מיט א פייערדיגען עדיטאריעל געגען די אינדוסטריעלער און אייזענבאהן־מאגנאטען, למאי זיי ארגאניזירען „טראסטען'' און אונטערדריקען די ארבייטער און די פאלקס־מאסען פון אמעריקע.

א צווייטען מאל פלעגט ער אטאקירען די „בערען פון וואל סטריט'' למאי זיי לייען געלד צו די רעגירונגען פון רוסלאנד און צו רומעניע, וועלכע רודפ'ן די אידען אין זייערע לענדער.

אמאל פלעגט ער שטורמען מיט אן עדיטאריעל געגען דעם פרעזידענט פון אמעריקע אין א פארזוך צו ווירקען אויף איהם, אז ער זאל אפברעכען דיפלא־מאטישע באציהונגען מיט רוסלאנד, דערפאר ווייל דער צאר וויל ניט אפשאפען די אויסנאמס־געזעצען געגען אידען.

אמאל פלעגט ער שטורמען מיט אן עדיטאריעל געגען רעפארם ראביים, למאי זיי רעפארמירען דעם סדור און למאי זיי זיינען גלייכגילטיג אדער געגנעריש צו נאציאנאלע אידישע פראגען, און דער עיקר צום ציוניזם.

א צווייטען מאל פלעגט ער אנגרייפען די ארטאדאקסישע רבנים למאי זיי ווילען ניט רעפארמירען דעם שולחן־ערוך און אפשאפען געוויסע דינים, ווי למשל די דינים פון חליצה.

ביי די לייענער פון „ווארהייט'' איז אויך געווען פאפולער דער שרייבער ד. מ. הערמאליז.

פון הערמאלין'ען האבען איינגעוואנדערטע אידען געלערנט מאראל, דרך־ארץ, מנהגים און עטיקעט פון אמעריקע.

הערמאלין פלעגט שרייבען עדיטאריעלס צו לערנען ווי מען דארף זיך אויפפיהרען איז דער נייער היים צו אויסנעמען ווי אידען און מענשען. אויך ער פלעגט אין זיינע ארטיקלען נוצען פסוקים פון חומש, אגדות פון תלמוד, משלים פון באוואוסטע מגידים. ער פלעגט אויך ציטירען גריכישע פילאזאפען, רוסישע קלאסיקער, פראנצויזישע ראמאניסטען, דייטשע מיליטאריסטען, כינעזישע דענקער, ענגלישע שטאטסלייט און אמעריקאנער פרעזידענטען.

אין „פארווערטס'' פלעגט מען דרוקען ארטיקלען וועגען רעוואלוציאנערען סאציאליזם, וועגען גרויסע סטרייקס, וועגען די פארשידענע ראדיקאלע ארגאני־זאציעס, וועגען די „אינדאסטריעל װארקערס אויף די װארלד'' וועגען ביל העיוואוד, יודזשין דעבס און אז. וו.

פריידענקער און אפיקורסים פלעגען מיט גרויס חשק לייענען ב. פייגענבוים'ס אנטי־רעליגיעזע ארטיקלען. פאר פייגענבוים'ען האבען ארטאדאקסישע אידען

זיך שטאַרק געשראָקען, ווייל ער פלעגט ציטירען תלמוד און פסוקים פון חומש אין זיינע אַנגריפען אויף רעליגיע.

טראַדיציאָנעלע אידישקייט איז געווען טריף אין „פאָרווערטס״. דאָס זעלבע אויך ציוניזם.

אויסער פייגענבוים׳ען האָבען אויך אַנדערע שרייבער אַטאַקירט רעליגיעזע אידישקייט. אפילו דער רעדאַקטאָר, אַב. קאַהאַן, פלעגט אָפט זיך נעמען צו אַט דער טעמע, איבערהויפט ערב ראש השנה אָדער ערב פסח.

ערב פסח פלעגען אין „פאָרווערטס״ ארויסשווימען די פראַגען וועגען סאָציאַ־ליזם, דער סדר, די הגדה און קניידלאַך.

די פראַגע איז געווען: מאָג אַ באַוואוסטזיניגער סאָציאַליסט זיצען ביים סדר כדי צו באַפרידיגען זיינע רעליגיעזע עלטערען? דער ענטפער איז ניט געווען קיין איינהייטליכער. סאָציאַליסטישע שרייבער זענען געווען צוטיילט אין זייערע מיינונגען. דער רעדאַקטאָר אליין איז געווען מעהר־ווייניגער ליבעראַל. ער פלעגט ערלויבען עסען קניידלאַך, אָבער ניט מעהר . . .

פילע לייענער פון „פאָרווערטס״ האָבען ניט געהאַט קיין געדולד, אָדער פעאיגקייט צו לייענען שווערע טעאָרעטישע אַרטיקלען וועגען סאָציאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם. פלעגען זיי קריגען אַ היבש ביסעל לייכטע שטאָף צו לייענען, ווי שפּאַנענדע ראָמאַנען פון לעאָן גאָטליב, קורצע ערציילונגען פון ז. ליבין און דער „בינטעל בריוו״, וואָס פלעגט יעדען טאָג פאַרהאַנדלען פּראָבלעמען פון פאַמיליע־לעבען, אייפערזוכט, ליבע, פאַרראַט, — אַמאָל אויף אַ דעבאַטע וועגען פרייע ליבע א. אז. וו.

אַזוי אומגעפער האָט אויסגעזעהן די פרעסע אין יענער צייט ווען אַ גרויסער טייל פון די אידען אין אַמעריקע און קאַנאַדע איז נאָך ניט געווען אויסגעגרינט.

# באָרדערס

עס זענען געווען אימיגראַנטען וועלכע האָבען פאַרדינט גוט און געהאַט פון וואָס צו שפּאָרען. אַזעלכע אימיגראַנטען האָבען ניט באַדאַרפט וואַרטען צו לאַנג מיט קויפען שיפּסקאַרטען פאַר זייערע פאַמיליעס אין אייראָפּע. אין אַ קורצער צייט האָבען זיי געקאָנט ווערען אויס באָרדערס און איינאָרדענען זייערע אייגענע היימען.

אַנדערע אימיגראַנטען האָבען פאַרדינט ווייניג. זיי האָבען באַדאַרפט אָנהויבען לערנען אַ נייע טרייד. די ערשטע חדשים האָט מען געאַרבייט פאַר האַלב־אומזיסט, קוים געגנוג פאַר זיך אַליין. ביי אַזעלכע מענשען האָט געדויערט לענגער ביז זיי האָבען געקאָנט שיקען נאָך זייערע פאַמיליעס, נאָך זייערע פרויען און קינדער.

עס זענען געווען אימיגראַנטען וועלכע זענען צוויי אָדער דריי יאָהר געווען באָרדערס, וואוינענדיג אין צימערען ביי פרעמדע פאַמיליעס.

דער ענין פון שיפס־קאַרטען איז אין יענער צייט געווען זעהר וויכטיג. די שיפס־קאַנטאָרען זענען געווען אָנגעזעהענע אינסטיטוציעס אויף דער אידישער גאַס.

די שיפס־קאַנטאָר איז געווען ווי אַן אינפאָרמאַציע־ביוראָ פאַר אַלע אָנגעלעגענהייטען וועלכע האָבען אַ שייכות מיט די איינגעוואַנדערטע אידען.

דער אייגענטימער פון שיפס־קאַנטאָר האָט געוואוסט פון אַ סך זאַכען וואָס דער איינגעוואַנדערטער איד האָט באַדאַרפט וויסען. צו איהם האָט דער אָנגעקומענער אימיגראַנט געהאַט אַ סך צוטרוי און זיך מיט איהם באַראַטען ווי מיט אַן אייגענעם ברודער וואָס ער זאָל טהאָן מיט זיין פאַמיליע אין אייראָפּע, צי ער זאָל זי אַראָפּברענגען איצט, ווען ער איז נאָך גאָרניט, אָדער ווייניג איינגעאָרדענט, אָדער ער זאָל וואַרטען נאָך עטליכע חדשים, ביז ער וועט זיך אביסעל מעהר „אויסגרינען", ביז ער וועט אָנזאַמלען אביסעל מעהר געלד, אָדער ביז ער וועט זיך באַפעסטיגען מעהר אויף זיין „דזשאָב".

דער אייגענטימער פון שיפס־קאַנטאָר פלעגט שטאַרק ערמוטיגען די אימיגראַנטישע אידען צו קויפען די שיפס־קאַרטען פאַר זייערע פאַמיליעס וואָס גיכער. ער פלעגט אָנגעבען פאָלגענדע אַלגעמיינע אורזאַכען.

ערשטענס איז וויכטיג, אַז די קינדער זאָלען וואָס גיכער קומען אַהער, כדי זיי זאָלען וואָס פריהער אָנהויבען געהן אין סקוהל . . . וועלען זיי זיין פאַלשטענדיג אַמעריקאַניזירט . . . וועלען זיי קאָנען געהן אין היי־סקוהל, אוניווערזיטעט, שטודירען פאַר דאָקטאָר, אָדער לאָיער.

צווייטענס, מען דאַרף זיך ניט שרעקען וואָס מען איז ניט איינגעאָרדענט . . . ס'איז ניט אַלד־קאַנטרי . . . מען וועט מאַכען אַ לעבען . . .

דריטענס, די ווייב וועט קומען וועט מען קאנען דינגען א גרעסערע הויז, מיט פינף אדער זעקס רומס און איינגעהמען בארדערס . . . וועט שוין זיין אלרייט ...

די בארדער־פעריאדע האט זיך שטארק געפיהלט אויף דער אידישער גאס. עס האט זיך אפגעשפיגעלט אין דער פרעסע, אין דער ליטעראטור און אין טעאטער.

די צייטונגען פלעגען דאן דרוקען א סך סקיצען און ערצעהלונגען אין וועלכע די הויפט־פיגורען זענען געווען בארדערס אדער בארדערקעס. דאס זעלבע איז אויך געווען מיט א סך מעלאדראמעס פון אידישען טעאטער.

א געוועהנליכער סוזשעט פון א מעלאדראמע איז דאן געווען אונגעפער אזוי:

אין א אידישע גליקליכע היים קלייבט זיך אריין א בארדערקע. זי איז א פי־נישעריין ביי קלאוקס אדער א בייסטעריין אין א שניידער־שאפ. זי האט א חתן אין דער אלטער היים. פונדעסטוועגען פארליבט זי זיך אין דעם מאן פון דער פאמי־ליע און פארדרעהט איהם א קאפ. דער מאן לאזט איבער זיין פאמיליע און אנט־לויפט מיט דער בארדערקע אין אן אנדער שטאט.

אין אן אנדער מעלאדראמע איז פארקערט: אין דער גליקליכער פאמיליע־היים האט זיך אריינגעקליבען ניט קיין בארדערקע נור א בארדער. ער איז שעהן, עלעגאנט, רויכערט סיגארעטען, טראגט א גאלדענעם צאן אין מויל, זאגט וויצען און זינגט קופלעטען פון אידישען טעאטער. די מיסעס פארליבט זיך אין איהם, לאזט איבער איהר מאן, די קינדער — איינשליסענדיג א קראנקע בייבי — און אנטלויפט מיט'ן בארדער קיין קאנאדע.

* * *

אזעלכע געשעהענישען, ווען א בארדער פלעגט אנטלויפען מיט א מיסעס, אדער א בארדערקע מיט א מאן, פלעגען פאסירען אפט אין די פיעסען פון אידישען טעאטער, אבער פון צייט צו צייט פלעגען זיי פאסירען אויך איןווירקליכען לעבען.

ווען אזא געשעהעניש פלעגט פאסירען האט מען באלד גענומען זוכען דעם פארשוואונדענעם מאן.

צו זוכען דעם מאן איז ניט געווען קיין שווערע ארבייט. מען פלעגט זיין בילד אריינשטעלען אין „פארווערטס", אין דער „גאלערי פון פארשוואונדענע מענער".

אין יענער צייט איז די גאלערי געווען א וויכטיגע פיטשור אין „פאר־ווערטס". די בילדער פון דער דאזיגער גאלערי פלעגט מען זעהר פיל שטודירען.

שטודירענדיג אט די בילדער פלעגען אימיגראנטישע א'דען אפט דערקענען א פארשוין וועלכען זיי האבען געהאט געקאנט נאך פון דער אלטער היים. אין די מעהרסטע פאלען פלעגען זיי זיך דערמאנען, אז אט דער דערקאנטער פארשוין איז אין דער אלטער היים געווען אן אויסוואורף, א שווינדלער און א דרעהער. יעדער איינער וואס האט שטודירט אט די „גאלערי" איז געווען פאראינטערעסירט צו דערקאנען אט די פארשוינען און זיי איבערגעבען אין די ריכטיגע הענט, כדי זיי זאלען קריגען זייער פארדינטע שטראף.

אויך אין מאָנטרעאָל פלעגט מען אַט די „גאַלערי'' שטאַרק שטודירען, שוין דערפאַר אליין ווייל פילע פון אַט די פארשוואונדענע פארשוינען פלעגען זיך באַהאַלטען אין קאַנאַדע.

אַמאָל פלעגט מען טאַקע איז מאָנטרעאָל דערקאַנען אין דער „גאַלערי'' פּאַרשוינען וועלכע האָבען דעזערטירט זייערע פאַמיליעס צוליב ליבע, אדער צוליב אַנדערע אורזאַכען. ווען מען פלעגט דערקאַנען אַזאַ פּאַרשוין איז גע־ווארען לעבעדיג. דער דאַזיגער פּאַרשוין האָט געקאָנט זיין אַן ארבייטער אין אַ שאַפּ, אדער אַ קליינער געשעפטסמאַן, אדער אַן אגענט, אדער אַ קלוירק אין אַ סטאָר. מען איז באַלד געלאָפען צו באַראָן דע הירש אינסטיטוט און געלאָזט וויסען מר. קאַפּלאַנסקי, פון דעם „לעגאַל עיד דעפּאַרטמענט'', וועלכער האָט אכטונג־געגעבען אויף אַזעלכע זאַכען.

ווען מר. קאַפּלאַנסקי פלעגט קריגען די אינפאָרמאַציע, האָט ער באַלד גענר־מען שריט צו באַקענען זיך מיט'ן באַטרעפענדען פּאַרשוין. אַמאָל פלעגט זיך ארויסווייזען, אַז די דערקענונג איז געווען אַ פאַלשע און דער מענש האָט גאָרניט צו טהאָן מיט יענעם פאַרשוין וועמענס בילד עס איז אויף דער „גאַלערי'' פון די פּאַרשוואונדענע מענער.

אַמאָל פלעגט פאַסירען, אַז די דערקענונג איז געווען טאַקע אַ ראַיעלע. דאָן האָט שוין די אידישע גאַס געהאַט אַ סענסאַציע. עס איז שוין געווען וועגען וואָס צו רעדען. די בייעס וועגען דער דערקענונג האָט זיך צושפּרייט איבער אַלע שע־פּער אין שטאָט. אַלע האָבען גערעדט וועגען דעם דערקאַנטען מאַן פון דער „גאַ־לערי'', מען פלעגט רעדען ווי איידעל און אַנשטענדיג און ערליך ער האָט אויס־געזעהן אין די אויגען פון די מענשען וועלכע האָבען איהם געקאַנט. קיינער וואָלט איהם ניט חושד געווען, אַז ער זאָל האָבען דעזערטירט אַ פרוי און קינדער צוליב אַ לינקער ליבע. דעם דערקאַנטען מאַן האָט מען, נאַטירליך, אַרעסטירט און אוועקגעשיקט צו דער שטאָט פון וואַנען ער איז געקומען.

## מאָנומענט נאַשיאָנאַל

שטענדיג איז מאָנטרעאַל געווען אַ וויכטיגער צענטער פון אידישען טעאַטער. עס זענען געווען סעזאָנען ווען מען פלעגט אין מאָנטרעאַל שפּילען יעדען אווענט אידיש טעאַטער.

אין דעם מאָנומענט נאַשיאָנאַל טעאַטער, מיין סטריט נעבען דאָרטשעסטער, האָבען געשפּילט אַלע „סטאַרס" פון אידישען טעאַטער אין אַמעריקע. דאָרט האָט מען אויפגעפירט אַלע דראַמעס, אַלע קאָמעדיעס, אַלע פּיעסען, וואָס מען האָט געשאַפען פאַר דער אידישער בינע.

עס איז ניטאָ קיין איין וויכטיגער אַקטיאָר, אָדער אַקטריסע, קיין איין וויכטיגע פּיעסע, וואָס האָט אויסגעמידען דעם מאָנומענט נאַשיאָנאַל.

אידיש טעאַטער האָט מען געשפּילט אויך אין אייניגע אַנדערע געביידעס פון מאָנטרעאַל. אידיש טעאַטער האָט מען געשפּילט אין אַ געביידע אויף לאַגאַ־שיטיער סטריט נעבען מיין, אין אַ גרויסע טעאַטער־הויז אויף סט. קעטהרין נעבען סט. דאָמיניק, אויף מיין סטריט נעבען פּרינץ אַרטור.

אָבער דער צענטראַלער טעאַטער פאַר דער אידישער מאָנטרעאַל איז געווען דער מאָנומענט נאַשיאָנאַל טעאַטער.

עס איז געווען אין סאַמע האַרץ פון דעם אידישען געגענד. גרויסע נאַציאָ־נאַלע אידישע דעמאָנסטראַציעס פלעגען דאָרט פאָרקומען.

ראש השנה און יום כפור איז דאָרט געווען אַ שוהל — אַזאַ סאָרט שוהל וואָס אימיגראַנטישע אידען האָבען אין דער אַלטער היים קיינמאָל ניט געזעהן...

עס איז געווען אַ פּריוואַטע שוהל, אַראַנזשירט ספּעציעל פאַר די ימים־נוראים, פון דעם זעלביגען מענעדזשער וואָס פלעגט מענעדזשען דעם טעאַטער, פון מר. מיטניק.

אין יענער צייט זענען די אידישע מאַסען געווען מעהר פאַראינטערעסירט אין אידיש טעאַטער ווי זיי זענען היינט. דער טעאַטער האָט זיי געגעבען סיי פאַרוויילונג, סיי בילדונג, סיי געזעלשאַפטליכקייט.

די מאָדערנע מואוויס זענען נאָך דאַן ניט געווען; פון האָליוואָוד האָט מען נאָך דאַן ניט געהערט. קיין בעסערע פאַרוויילונג ווי אידיש טעאַטער האָט ניט געקענט זיין.

אין טעאַטער האָבען אימיגראַנטישע אידען געלערנט מאָראַל און געשיכטע. פילע פּיעסען האָבען זיך געענדיגט מיט אַ מאָראַלישען אויספיהר און מיט אַ מוסר־השכל ווי צו לעבען און זיך אויפפיהרען צווישען מענשען.

אויסערדעם האָט מען פון אַקטיאָרען און פון אַקטריסעס זיך געלערנט ווי צו רעדען, ווי צו געהן, ווי צו זיצען, ווי צו פאַרנויגען זיך, ווי צו זינגען, ווי צו שפּאַסען, ווי צו ראָמאַנסירען א. אַז. וו.

ווען אן אימיגראַנטישער איד איז געגאַנגען אין אידישען טעאַטער איז עס געווען פאַר איהם אַ יום־טוב. ער פלעגט זיך אנטאָן אין די שעהנסטע קליידער ווי מען געהט צו אַ חתונה.

די אָפטערע באַזוכער פון טעאַטער זענען געווען די בעסערע פאַרדינערס, די „אָרויפגעאַרבייטע״.

די „אָרויפגעאַרבייטע״ פלעגט מען לייכט דערקאָנען. זיי פלעגען טראָגען גאָלדענע ציין אין מויל, וואָס דאָס איז געווען דער בעסטער באַווייז, אַז זיי זענען שוין זעהר לאַנג אין לאַנד, אפשר 10 יאָהר . . .

אַז „אָרויפגעאַרבייטער״ מאַן פלעגט טראָגען איינעם אָדער צוויי שווערע מאַסיווע גאָלדענע רינגען און אַ גאָלדענע „וואָטש־ענד־טשעין״ איבער דער קאַמ־זוילקע. אַן אויסגעגרינטע „אָרויפגעארבייטע״ פרוי פלעגט טראָגען אַן אויס־טערליש גרויסע הוט, מיט אַ לאַנגען פעדער און איז געווען באַהאַנגען מיט א סך צירונג. אַ טייל פון דעם צירונג האָט געשטאַמט פון דער אַלטער היים, אָבער די גאָלדענע ציין זענען זיכער אריינגעשטעלט געוואָרען דאָ אין לאַנד.

* * *

פון די פיעסען אין אידישען טעאַטער האָבען אימיגראַנטישע אידען פיל געלערנט מאָראַל און געשיכטע.

פילע פיעסען פלעגען זיך ענדיגען מיט אַ מאָראַלישען מוסר־השכל — אַז מען דאַרף זיין ערליך, אַז מען דאַרף זיך ניט יאָגען נאָך געלד, אַז מען דאַרף זיך ניט טשעפּען צו פרעמדע ווייבלאַך, אַז מען דאַרף ניט גאַמבלען, אַז מען דאַרף זיך ניט אַרומדרעהען מיט שלעכטע חברים א. אַז. וו.

פילע פיעסען האָבען ענטהאַלטען היסטאָרישע טעמעס אין וועלכע די הויפּט העלדען זענען געווען ביבלישע אָדער געשיכטליכע פיגורען.

אימיגראַנטישע אידען, וועלכע האָבען אין דער אַלטער היים, בעת זיי זענען געווען יונג, ניט געהאַט קיין געלעגענהייט צו לערנען אפילו עלעמענטאַרע זאַכען, האָבען זעהענדיג אָט די פּיעסען געהאַט אַ געלעגענהייט צו באַקענען זיך מיט געוויסע מאָמענטען פון אידישער געשיכטע.

ווען זיי האָבען, למשל, געזעהן גאָלדפאַדען'ס „בר כוכבא״ אָדער „שולמית״ — האָבען זיי זיך באַקענט מיט זעהר אינטערעסאנטע, ראָמאַנטישע קאַפּיטלען פון אידישער געשיכטע, פון וועלכע זיי האָבען געהאַט ניט בלויז אַ פיזישען פאַרגעניגען, נאָר אויך אַ גייסטיגען . . .

פון גאָלדפאַדען'ס אָן אָפּערע פלעגט מען זיך לערנען זינגען. די לידער וועלכע מען פלעגט הערען אין די דאָזיגע אָפּערעטעס פלעגט מען זינגען אין אַלע אידישע היימען. די לידער וועלכע מען פלעגט הערען ביי „בר כוכבא״ פלעגט מען זינגען אויך ביי ציוניסטישע מיטינגען אָדער קאָנצערטען. אין יענער צייט איז דער היסטאָרישער „בר כוכבא״ געווען דער פּאָפּולערסטער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדיסט צווישען די אידישע מאַסען . . .

נאָר גאָלדפאַדען'ס היסטאָרישע זאַכען פלעגט מען ניט קאָנען שפּילען צו אָפט

אין „מאָנומענט נאַשיאָנאַל״. צו שפּילן גאָלדפאַדענ׳ס אַן אָפּערעטע האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ כאָר מיט זינגער און אַ גרויסע טרופּע. פיל אָפטער פלעגט מען זעהן לאַטיינער׳ס פּיעסען. זיי זענען געווען פיל איינפאַכער. אויך זיי האָבן ענטהאַלטען היסטאָרישע מאָטיוון.

לאַטיינער האָט געהאַט פּיעסען און אָפּערעטען וועגען דוד המלך און וועגען זיין זוהן שלמה המלך. ער האָט געהאַט אַן אָפּערעטע „די ליבע פון ציון״ און אויך אַ פּיעסע „חורבן ירושלים״ און אַ באַזונדערע פּיעסע „קעניג נירון״. דאָס זענען אַלץ פּיעסען, וועלכע האָבן אָפּגעשפּיגעלט דעם אַמאָליגען אידישען מלוכה־לעבען אין ארץ ישראל.

אַזעלכע פּיעסען ווי „אַלעקסאַנדער דער פּרינץ פון ירושלים״, אָדער „עזרא, דער עוויגער יודע״, אָדער „דניאל אין לייבענגרוב״ האָבן אויך באַרייכערט די היסטאָרישע אינפאָרמאַציע ביי די אימיגראַנטישע אידען אין יענער צייט. זיי האָבן אויך הנאה געהאַט פון לאַטיינער׳ס ניט־היסטאָרישע פּיעסען, ווי „כינקע פינקע״, „ליבע און ליידענשאַפט״, „די בלוטיגע האָכצייט״, „דער אמת און דער שקר״ און אַ סך אַנדערע.

עס זענען געווען אַנדערע דראַמעס און מעלאָדראַמעס פון וועלכע די אימיג־ראַנטישע אידען האָבן פיל געלערנט אין יענער צייט. מען האָט פיל געלערנט פון יעקב גאָרדין, וועלכער האָט געשריבען אַ סך דראַמעס. וועגען זיינע דראַמעס פלעגען אידישע צייטונגען שרייבען זעהר פיל. מיט איהם האָט זיך געקאָכט. פון צייט צו צייט פלעגען אידישע שרייבער זיך צוקריגען איבער גאָרדינ׳ס אַ פּיעסע. אין דער „וואָרהייט״, למשל, פלעגט מען שרייבען, אַז עס איז זעהר גוט. אין „פאָרווערטס״ פלעגט מען שרייבען פאַרקערט. וואָס שטאַרקער מען פלעגט זיך קריגען אין די צייטונגען איבער אַ פּיעסע אַלץ מעהר איז מען געגאַנגען אין טעאַטער, זעהן איבער וואָס מען קריגט זיך. די בעסטע אידישע אַקטיאָרען האָבן געשפּילט אין גאָרדינ׳ס פּיעסען.

אפילו די יעניגע וועלכע האָבן איהם קיינמאָל ניט געזעהן האָבן געוואוסט ווי ער זעהט אויס. זיין בילד פלעגט מען זעהן אָפט אין די אידישע צייטונגען. מען האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר זיין אויסזעהן. ער האָט געטראָגען אַ שעה־נע שוואַרצע באָרד, ענליך צו דר. הערצל׳ס און מען פלעגט שרייבען וועגען איהם, אַז אויסער אַ דראַמאַטורג איז ער אויך געווען אַ סאָציאַליסט. אָבער כאָטש ער איז געווען אַ סאָציאַליסט, פונדעסטוועגען פלעגט די סאָציאַליסטישע צייטונג, דער „פאָרווערטס״ אָפט שרייבען געגען איהם. דערמיט האָט ער געצויגען נאָך מעהר אויפמערקזאמקייט צווישען די אימיגראַנטישע אידען וועלכע זענען געווען פאַראינטערעסירט אין אידישען טעאַטער. מען האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ מאָ־ראַליסט און דענקער און איהם צוגעגליכען צו אַלע גרויסע דראַמאַטורגען פון רוסלאַנד, פראַנקרייך און אַנדערע לענדער.

אין מאָנומענט נאַשיאָנאַל טעאַטער פלעגט מען יעקב גאָרדינ׳ס דראַמעס שפּילען זעהר אָפט. איהם אליין האָט מען קיינמאָל אין טעאַטער ניט געזעהן. אַנ־

דערע דראַמאַטורגען פלעגען פון צייט־צו־צייט קומען קיין מאָנטרעאַל און זיך ווייזען אין מאָנומענט נאַשיאָנאַל בעת מען פלעגט שפילען זייערע אַ זאַך. צוויי־ שען די דראַמאַטורגען וואָס מען פלעגט זעהן פון צייט־צו־צייט אין מאָנטרעאַל זענען געווען: דוד פינסקי און פרץ הירשביין. זיי פלעגען קומען, שוין אין די שפּעטערדיגע יאָהרען כדי צו האַלטען אַ לעקציע אָדער אַ פאַרלעזונג. הירשביין איז געווען ניט בלויז אַ דראַמאַטורג, נור האָט אויך געהאַט אַן אייגענע טרופּע, מיט וועלכער ער פלעגט ארומפאָהרען פון לאַנד צו לאַנד און פון שטאָט צו שטאָט.

עס זענען געווען דראַמאַטורגען וועלכע מען האָט געהאַט געקאַנט אויך אַלס שרייבער פון נאָוועלען און ערצעהלונגען. צווישען אַט די דראַמאַטורגען זענען געווען פינסקי און הירשביין און ז. ליבין און לעאָן קאָברין און שלום אַש, וועמענס „גאָט פון נקמה״ איז פיל מאָל געשפּילט געוואָרען אין מאָנומענט נאַ־ שיאָנאַל טעאַטער.

פון צייט צו צייט פלעגט מען שפּילען אין מאָנומענט נאַשיאָנאַל אַ דראַמע וואָס איז געשריבען געוואָרען פון אַן אייגענעם מענשען, אַ מאָנטרעאַלער.

אַזאַ געשעהעניש פלעגט ציען פיל אויפמערקזאַמקייט אין שטאָט און מען פלעגט דערפון אַלע רעדען. דעם דראַמאַטורג פלעגט אַנקומען ניט לייכט אָנצו־ שרייבען די דראַמע. ער פלעגט אַרבייטען דערויף אַ לאַנגע צייט. נאָכער, ווען ער האָט די דראַמע אָנגעשריבען, האָט ער געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע — צו פאַר־ אינטערעסירען דעם טעאַטער־מענעדזשער און דער אַקטיאָרען־טרופּע, אַז זיי זאָ־ לען אויסהערען פאַרלייענען זיין דראַמע. דער מענעדזשער און די אַקטיאָרען פלע־ גען ענדליך אונטער אַ שטאַרקען דרוק איינשטימען צו אויסהערען דעם לאָקאַלען דראַמאַטורג און באַשליסען צו אויפפיהרען זיין פּיעסע. זייער אויסרעכענונג פלעגט זיין — אפשר וועלען די מאָנטרעאַלער אידען קומען אין מאַסען און אָנ־ פּאַקען יעדען ווינקעלע אין טעאַטער ווען זיי וועלען הערען אַז מען שפּילט אַ דראַמע פון אַן אייגענעם מענשען, אַ מענש וועלכער איז גוט באַקאַנט צווישען אַ סך שניידערס און קלאָוקמאַכער און גראָסערילייט.

ווען מען פלעגט אויפפיהרען אַט די דראַמע פלעגט מען אין מאָנומענט נאַ־ שיאָנאַל טאַקע זעהן אַביסעל נייע פּנים׳ער. עס פלעגען קומען די נאָהענטע פריינד, קרובים און באַקאַנטע פון דראַמאַטורג. עס פלעגען קומען שניידערס און קלאָוק־ מאַכער וועלכע קאָנען דעם דראַמאַטורג פון שניידער־שאָפּ. עס פלעגען אויך קו־ מען דעם דראַמאַטורג׳ס לאַנדסלייט און שכנים. דער דראַמאַטורג האָט זיך, נאָ־ טירליך, געפיהלט שטאַרק יום־טוב׳דיג. ער פלעגט זיצען אין „לאָזשי״ און אַלע פלעגען קוקען אויף איהם מיט גרויס דרך־ארץ. צווישען דריטען און פערטען אַקט פלעגט מען איהם אַרויספיהרען אויף דער ביהנע און פאָרשטעלען פאַר׳ן פּובליקום. אַלע זענען געווען צופרידען. אין טעאַטער האָט זיך געפיהלט אַ יום־ טוב׳דיגע שטימונג.

קיין סך דראַמעס פלעגט אַ מאָנטרעאַלער דראַמאַטורג ניט שרייבען. ער פלעגט אָנשרייבען איין דראַמע און דאָס איז געווען גענוג. מעהר האָט ער שוין

ניט געשריבען. ער פלעגט זיך אומקערען באלד צו זיין פריערדיגער באשעפטיגונג און די אקיטארען פלעגען זיך אומקערען צו זייער ניו יארקער רעפערטואר. עטלי־כע וואכען שפעטער האט מען פון דער מאנטרעאלער דראמע אינגאנצען ווי פארגעסען.

* * *

אידישע אקטיארען זענען אין יענער צייט געווען זעהר פאפולער אין דער אידישער גאס. זיי זענען געווען פון די וויכטיגסטע יחסנים אין דער געזעלשאפט צווישען אידען.

צווישען די באריהמטע „סטארס'' זענען געווען: יעקב אדלער, זיגמונד מא־גולעסקא, דייוויד קעסלער, באריס טאמאשעפסקי, קעני ליפצין, רעגינא פראגער און בערטא קאליש. אפילו די אימיגראנטען וועלכע זיינען געקומען פון גרויסע שטעט און געזעהן אידיש טעאטער אין ווארשע און ווילנע, אין אדעס און לעמבערג, אין לאדזש און בוקארעשט — אפילו זיי זיינען געווען באגייסטערט פון אט די „סטארס''. פאר די אימיגראנטישע אידען וועלכע האבען אין דער אלטער היים ניט געזעהן קיין אידיש טעאטער — פאר זיי איז דער „מאנומענט נאשיאנאל'' געווען פשוט דער גן־עדן פון דער נייער וועלט.

ווען מאדאם ליפצין האט געשפילט „מירעלע אפרת'' איז עס געווען א גרוי־סע געשעהעניש. דער טעאטער פלעגט זיין איבערגעפאקט. ווען מירעלע האט גע־וויינט, האבען אנוועזענדע פרויען — און א טייל מענער — מיטגעוויינט. אמאל פלעגט א פרוי פון פובליקום זיך צווואוינען אזוי היסטעריש, אז מען פלעגט איהר ארויספיהרען פון טעאטער כדי זי זאל ניט צוזאמענברעכען.

נאך א פארשטעלונג פון „מירעלע אפרת'' פלעגען פילע אימיגראנטישע אידען לערנען א מוסר־השכל, אז מען טאר ניט זיין צו גוט צו קינדער און זיי איבערגעבען די ירושה כל זמן מען לעבט.

דעם זעלביגען מוסר־השכל פלעגט מען לערנען בעת יעקב אדלער פלעגט שפילען „קעניג ליר''. נאך אזא פארשטעלונג פלעגען אימיגראנטישע אידן ארויס־געהן פון טאטער פאר'כשופ'ט. די אויגען זענען געווען פארוויינט. קעניג ליר'ס טראגעדיע האט איבערגעלאזט א ווייטאג אין הארצען.

ווען דוד קעסלער פלעגט שפילען אין מאנומענט טאשיאנאל „גאט מענש און טייוועל'' האט זיך געקאכט אין דער אידישער גאס. די אימיגראנטישע אידען הא־בען שטארק פארגעטערט קעסלערן, איבערהויפט אין זיין ראלע „הערשעלע דובראוונער''. פאר א צייט האבען די דריי „סטארס'' קעסלער, אדלער און קעני ליפצין דאמינירט די אידישע ביהנע אין ניו יארק און דעם מאנומענט נאשיאנאל אין מאנטרעאל.

דער אימיגראנטישער איד וועלכער איז נאך ניט געווען געהעריג „אויסגע־גרינט'' האט זיך אין אידישען טעאטער געפיהלט אנגענעהם, ניט בלויז צוליב דער פארשטעלונג, נור אויך צוליב דער ווארימער היימישער אטמאספערע וואס ער האט געפיהלט אין טעאטער, די היימישע אידיש־רעדענדע אטמאספערע. ער

איז געווען באגייסטערט פון די היימישע טיפען וועלכע די אקטיארען האבען פאר־ געשטעלט אויף דער ביהנע, טיפען וועלכע האבען דערמאנט אנגעזעהענע און בא־ ליבטע מענשען פון דער אלטער היים. זיינע באליבטע אקטיארען און אקטריסעס, דער עיקר די „סטארס״, האבען איהם באצויבערט מיט זייערע אידישליכע לידער, לידער פון היים-בענקעניש, פון שבת-קודש, פון שנאה צום צאר, פון האס צו פאגראמשטשיקעס און צו שונאי ישראל. מען האט אידעאליזירט טיפען פון אימיגראנטישע אידען, פון ארימע אימיגראנטען-ארבייטער, פון ערליכע הארע־ פאשניקעס וועלכע ארבייטען שווער אין דער פרייער אמעריקע.

# קונסט און ביזנעס

דער דראַנג צו טעאַטראַלער קונסט האָט געבראַכט אידישע אַרטיסטען צום אידישען טעאַטער. דער עלעמענט פון ביזנעס האָט, נאַטירליך, אויך געשפּילט אַ וויכטיגע ראָליע.

אין דער פּראַכט און גלאַנץ־עפּאָכע פון דער אידישער בּיהנע, ווען אַדלער־קעסלער־ליפּצין האָבען מיט יעקב גאָרדינ׳ס דראַמען דאָמינירט דעם טעאַטער, האָט זיך ניט געפיהלט דער קאָנפליקט צווישען קונסט און ביזנעס. נאָכהער איז דער קאָנפליקט געקומען און אָנגענומען שאַרפע פאָרמען.

אפילו אין דער גלאַנץ־פּעריאָדע פון אַדלער־קעסלער־ליפּצין זענען געווען קלענערע טרופּעס, מיט קלענערע טאַלאַנטען, וועלכע האָבען געשפּילט באַנאַלע מעלאָדראַמעס. אינטעליגענטע מענשען האָבען די דאָזיגע מעלאָדראַמעס באַצייכנט פאַר „שונד״.

אַט די שונד־פּיעסען פלעגען אויסנעמען ביי אַ סך מענשען, דער עיקר ביי פרויען און מיידלאך, וועלכע האָבען געהאַט באַשרענקטע געשמאַקען פאַר ליטע־ראַטור און קונסט. מענעדזשערס פון גרויסע טרופּעס האָבען דעריבער געקראָגען אַ וואַרימע באַציאונג צו אַט די מעלאָדראַמעס.

אויך טאַלאַנטפולע אַרטיסטען האָבען זיך אָנגעהויבען אינטערעסירען מיט די שונד־פּיעסען, נעמענדיג אין אַכט די פאַרלאַנגען און געשמאַקען פון פובליקום.

„מירעלע אפרת״, די גרויסע יחסנ׳טע פון דער אידישער בינע, האָט געמוזט אָפּטרעטען איהר חשוב׳ן אָרט פאַר דער „ווייסער שקלאַפין״.

אין כמעט יעדער מעלאָדראַמע איז געווען אַ שלעכטער געוויסענלאָזער אומ־מאָראַלישער מאַן — אַן „אַלפאָנס״. ער האָט פאַרפיהרט אַן אומשולדיג מיידעל. זי איז געוואָרען אַן אומגעזעצליכע מאַמע פון אַן אומגעזעצליכען קינד . . . די געזעלשאַפט האָט געהאַסט אַזאַ מאַמע . . . מען פלעגט איהר פאַרשטויסען . . . זי איז געוואָרען אַ „ווייסע שקלאַפין״ . . .

אין דער טראַגישער לאַגע פון דער „ווייסער שקלאַפין״ זענען די טעאַטער־געהער געווען גוואַלדיג פאַראינטערעסירט. דער טאַלאַנט פון די אַקטיאָרען האָט זיי ווייניג געקימערט. וויכטיג פאַר זיי איז געווען: איז די געזעלשאַפט גערעכט, אָדער אומגערעכט, אין איהר באַציהונג צו דער „ווייסער שקלאַפין״? דעבאַטען זענען אָנגעפיהרט געוואָרען פון די טעאַטער־געהער. די ראַדיקאַלען פלעגען פאַרדאַמען דער געזעלשאַפט און אַרגומענטירען, אַז אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועלען אומגעזעצליכע מאַמעס און אומגעזעצליכע קינדער באַהאַנדעלט ווערען ווי גלייכע מענשען, מען וועט זיי ניט פאַרשטויסען.

די ניט־ראַדיקאַלען פלעגען פאַרדאַמען ניט דער געזעלשאַפט, נאָר דעם „גע־

מיינעם לומפ'', דעם „אלפאנס''. זיי פלעגן האלטן, אז אזעלכע לומפּן דארף מען שיקן אין „סינג־סינג'', אדער צום עלעקטריק טשער.

פון אזעלכע מעלאדראמען פלעגן ווייבלאַך און מיידלאך לערנען פאלגענדען מוסר־השכל: א מיידעל טאר ניט טרויען א יונגענמאן אויב זי קאן איהם ניט גוט. ווען דער יונגערמאן ערקלערט זיך אין ליבע דארף זי ניט גלויבען סיידען ער גיט איהר א דיימאנד־רינג און מאכט אן „ענגעידזשמענט''. אפילו דאן דארף זי אויך זיין זעהר פארזיכטיג כל זמן מען געהט ניט צו דער חופּה . . . איידער מען געהט צו דער חופה דארף מען גוט אויספארשען אויב ער איז באמת אומפארהייראט . . . אפשר האט ער א ווייב ערגעץ אין אן אנדער שטאט . . . מען דארף גוט שטודירען די בילדער פון דער „גאלערי פון פארשוואונדענע מענער'' אין „פארווערטס'' צו פארזיכערען, אז זיין בילד איז דארט ניט ערשינען . . .

דער קאנפליקט צווישען קונסט און שונד אין אידישען טעאטער איז געווען שטורמדיג. פאר א לאנגע צייט איז עס געווען איינער פון די שטארקסטע קאנפליקטען אויפ'ן קולטורעלען פראנט אין דער אידישער גאס פון יענער צייט.

אין די אידישע צייטונגען האבען אידישע שרייבער און טעאטער־קריטיקער זיך איינגעשטעלט פאר קונסט. טעאטער־מענעדזשערס זענען געווען פאר שונד. זיי האבען געהאט די איבערהאנט. עס איז געווען שטארקער דער שטאנדפונקט, אז ביזנעס איז בילכער ווי קונסט.

א צאל פון די שרייבער־קריטיקער האבען זיך איינגעמאטערט אין זייער קאמף פאר קונסט. זעהענדיג, אז זיי קאנען ניט אויספיהרען ביי די מענעדזשערס האבען זיי שלום געמאכט מיט די שונד־פיעסען און אפילו אנגעהויבען וכען — און געפינען — אין זיי גרויסע מעלות, פון וועלכע זיי פלעגען שרייבען מיט באגייסטערונג.

אנדערע טעאטער־קריטיקער, וועלכע האבען ניט געקענט שלום מאכען מיט די מעלאדראמעס זענען אינגאנצען אוועק פון טעאטער־פראנט און גענוצט זייער טינט־און־פען פאר אנדערע זאכען.

* * *

דער קאנפליקט צווישען שונד און קונסט האט זיך געפיהלט אויך אין דעם אידישען טעאטער פון מאנטרעאל, אין מאנומענט נאשיאנאל.

אויך אין מאנומענט נאשיאנאל האבען אנגעהויבען אריינקומען די שטארקע מעלאדראמעס מיט די „ווייסע שקלאפינס'' און מען האט מיט זיי געמאכט פיינע געשעפטען. דער מענעדזשער איז געווען זעהר צופרידען.

אין „קענעדער אדלער'' האבען די קריטיקער אטאקירט די מעלאדראמעס און געמאנט ליטערארישע פיעסען מיט גוטע אקטיארען, וועלכע האבען טאלאנט.

פון צייט צו צייט פלעגט דער מענעדזשער זיך מוזען רעכענען מיט'ן „קענעדער אדלער'' און מיט'ן קרייז פון אינטעליגענטען, וואס האט זיך געשאפען ארום איהם.

דער קרייז פון אינטעליגענטען האט זיך אנגעהויבען אנזעהן און פיהלען אין

שטאָט נאָכדעם ווי ראובן ברייניז איז אָנגעקומען צו רעדאַגירען דעם „קענעדער אדלער". אין יענער צייט איז אין מאָנטרעאל אויך געווען לעאָן כאַזאַנאָוויטש, אַ וויכטיגער פובליציסט, וועלכער האָט רעדאַגירט די „פאָלקסצייטונג". צום קרייז האָבען אויך געהערט איינינע שרייבער, וועלכע זענען צוגעקומען אין בריי־נינ'ס צייטען, ווי ל. מ. בענדזשאַמין, ה. מ. קייזערמאַן, וועלכער איז געווען אין יענער צייט אַן אָנגעזעהענער טוער אין די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע קרייזען און אין דער „פאָלקסצייטונג". דער שרייבער ב. גאָלדשטיין, דר. יהודה קויפמאַן, וועלכער איז איצט איינער פון די וויכטיגע אינטעלעקטועלען אין ארץ ישראל, ווי אויך די עטליכע שרייבער, וועלכע זענען דערמאָנט געוואָרען אין די פריערדיגע אַרטיקלען.

דער אינטעליגענטער קרייז האָט זיך אויסגעברייטערט אַלץ מעהר און מעהר. עס איז אָנגעקומען אין „קענעדער אדלער" ישראל ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט אָנגעפאַנגען זיין זשורנאַליסטישע קאַריערע מיט רעצענזיעס איבער טעאַטער. זיינע קריטיק־אַרטיקלען געגען די מעלאָדראַמעס האָבען געצויגען פיל אויפמערקזאַמ־קייט און מען האָט זיך מיט איהם גערעכענט.

אַט דער קרייז האָט, ווי געזאָגט, אויסגעאיבט אַן איינפלוס אין שטאָט און אין טעאַטער קרייזען האָט מען זיך מיט איהם געמוזט רעכענען. פון צייט צו צייט פלעגט מען אין „מאָנומענט נאַשיאָנאַל" מאַכען הנחות צום „בעסערען געשמאַק פון בעסערען פובליקום".

פון צייט צו צייט פלעגען קומען אין מאָנטרעאל אַזעלכע אַרטיסטען, וועלכע האָבען בשום אופן ניט געוואָלט שלום־מאַכען מיט די שונד־פיעסען. די וויכטיגערע פון זיי זענען געווען מאָריס שוואַרץ און יעקב בן עמי. אַרום זיי האָבען זיך גרופירט אַ שיכט פון אינטעליגענטע טאַלאַנטפולע אַרטיסטען. ווען זיי פלעגען קומען קיין מאָנטרעאל פלעגען זיי באַגעגענען אַ סך פריינד און פאַרעהרער.

# די ערשטע „מואווים״

איינגעוואנדערטע אידען האבען ליב געהאט דאס אידישע טעאטער. אבער צו אפט האט מען אין טעאטער ניט געקאנט געהן, עס האט געקאסט צו טייער. מען האט געזוכט אנדערע פארוויילונגען, וועלכע זאלען קאסטען ביליגער. מען פלעגט געהן אין די מואווים.

אין א מואווי־טעאטער האט מען געקאנט געהן יעדע וואך. עס האט געקאסט ביליג, מעהר ווי 5 סענט פלעגט מען ניט דארפען צאהלען. זיצען האט מען דארט געקאנט אזוי לאנג וויפיל מען וויל. אין א ווינטערדיגען טאג פלעגט דארט זיין זעהר ווארים, אין פארגלייך ווי עס איז געוועזן אין די היימען אין די ארימע גאסען וואו די אימיגראנטישע אידען האבען דאן געוואוינט. די יעניגע וועלכע האבען גוט פארדינט האבען זיך געקאנט פארגינען צו געהן צוויי מאל א וואך אין די מואווים, אפילו מעהר.

געהענדיג אין א מואווי־טעאטער האט אן אימיגראנטישער איד ניט בלויז זיך אמוזירט, נור האט אויך פיל געלערענט. ער האט געלערענט די געאגראפיע פון דער נייער וועלט. ער האט געזעהן די טייכען, די בערג, די פעלדער און וועלדער פון אמעריקע. ער האט אויך געלערענט אמעריקאנער היסטאריע. ער האט געזעהן די ערשטע מענשען פון אמעריקע — די אינדיאנער.

אין יענער צייט האט מען אין כמעט יעדע „לעבעדיג־בילד״ געזעהן די רויט־הויטיגע אינדיאנער, וועלכע זענען ארומגעלאפען האלב־נאקעט אויף פערד. זייערע פיהרער פלעגען טראגען מאדנע גרויסע קאפעליושען געמאכט דורכאויס פון אלערליי פעדערען.

אויף די איינגעוואנדערטע אידען האבען אט די אינדיאנער געמאכט א מאדנעם איינדרוק. אין דער אלטער היים האט מען פון אזעלכע סארטען מענשען קיינמאל ניט געהערט. בלויז די אינטעליגענטע אידען וועלכע האבען געלייענט די געשיכטע וועגען קריסטאפאר קאלומבוס האבען געהאט א באגריף וועגען אט די אינדיאנער. איצט זעהט מען זיי אין זייער נאטירליכען לעבען. קוקענדיג אויף אזעלכע מואווים האבען אימיגראנטישע אידען געפיהלט ווי זיי לערנען וויכטיגע קאפיטלען פון אמעריקאנער געשיכטע.

פון אט די „לעבעדיגע בילדער״ האט מען געקאנט זעהן ווי מען האט אויפגעבויט די ציוויליזאציע אין אמעריקע. מען האט באדארפט אויס׳הרג׳ענען א סך מחנות אינדיאנער. אין יעדע בילד איז געווען א שלאכט צווישען די אינדיאנער און די „ווייסע״. יעדע שלאכט פלעגט זיך ענדיגען מיט א פאלשטענדיגען נצחון פאר די „ווייסע״.

שפעטער, ווען דער עולם האט זיך שוין אנגעזעהן א היבש ביסעל מיט די

אינדיאַנער, האָט מען אַנגעהויבן ווייזן אַנדערע סאָרטן בילדער. אין די אַנדערע בילדער זענען די הויפּט־העלדן געווען „קאָר־בּאָיס".

די בילדער מיט די „קאָרבּאָיס" זענען פאַר די איינגעוואַנדערטע אידען געווען אַזוי שפּאַנענד און אינטערעסאַנט ווי די בילדער מיט די אינדיאַנער.

אויך פון די בילדער מיט די „קאָו־באָיס" האָט מען געלערנט. פון זיי האָט מען געלערנט וועגן דער ענטוויקלונג פון סאָציאַלן לעבן אין אַמעריקע.

קוקענדיג אויף אָט די בילדער האָט מען זיך דערוואוסט ווי דער סאָציאַלער לעבן אין אַמעריקע איז אויפגעבויט געוואָרן. פאַר אַ לאַנגע צייט האָט מען אין אַ סך שטאַטן, דער עיקר אין דעם „וועסט", ניט געוואוסט פון געזעץ און אָרדנונג. מיט'ן רעוואָלווער פלעגט מען שליכטן סאָציאַלע פּראָבלעמען און צווישטיגקייטן צווישן מענש און מענש. צוליב אַ מיידעל פלעגט מען זיך שיסן איינע די אַנדערע. עס איז אַנגעקומען שווער ביז די „שעריפס" האָבן געקראָגן אַ קאָנטראָל און איינגעשטעלט די מאַכט פון געזעץ און די אויטאָ־ריטעט פון געריכטען.

מען האָט אין יענער צייט אויך געוויזן בילדער וועגן דעם אַמערי־קאַנער בירגער־קריג, דער מלחמה צווישן די זידליכע שטאַטן און די צפון־שטאַטן — אַ מלחמה, וואָס האָט אויסגעבראָכן פאַר די פּרינציפּען פון פריי־הייט און ראַסען־גלייכהייט. פון אָט די בילדער האָבן די איינגעוואַנדערטע אידען געלערנט וויכטיגע קאַפּיטלען סיי אַמעריקאַנער געאָגראַפיע און סיי אַמע־ריקאַנער געשיכטע.

# אידיש וואָדעוויל

נאָכדעם ווי די איינגעוואַנדערטע אידען האָבען זיך אָנגעזעהן אַ סך „לעבעדיגע בילדער" מִיט אינדיאַנער און „קאו־בּאָיס", איז געווען נויטיג צו שאַפען נייע אַטראַקציעס כדי זיי צוציהען אין די מואווי־טעאַטערס אויף מיין סטריט.

זענען געווען איניגע אייגענטימער פון מואווי־טעאַטערס, וועלכע האָבען איינגעפיהרט אידיש וואָדעוויל.

אין די וואָדעוויל טעאַטערן פלעגען אויפטרעטען מערסטענס אַזעלכע אַקטיאָרען און אַקטריסעס, וועלכע האָבען זיך ניט געקענט אריינפּאַסען אין די טעאַטער־טרופּעס, וועלכע האָבען אויפגעפיהרט דראַמען אָדער שונד־פּיעסען. זייערע טאַלאַנטען זענען געווען צו שוואַך פאַר׳ן אַלגעמיינעם טעאַטער און צו שטאַרק, אַז זיי זאָלען אַרבּייטען אין די שניידער־שעפּער. זיי האָבען זיך צוגעפּאַסט צו וואָדעוויל־אַקטען.

פילע פון די איינגעוואַנדערטע אידען פלעגען מיט באַגייסטערונג אויפנעמען אַט די אַקטיאָרען און זיי שטאַרק אַפּלאָדירען. דאָס זענען געווען אַזעלכע אימיגראַנטען, וועלכע האָבען זיך נאָך ניט גענהעריג איינגעאָרדענט און זענען געווען נאָך צו אָרים צו קויפען בילעטען אין „מאָנומענט נאַשיאָנאַל".

אַ דורכשניטליכע פאָרשטעלונג פון אידישען וואָדעוויל האָט ענטהאַלטען אומגעפער אַזאַ פּראָגראַם:

עס פלעגט אַרויסקומען אויף דער ביהנע אַ מיטעליאָהריגער איד, באַלעבּאַטיש אָנגעטאָן, מיט אַ גאָלדענע „וואַטש־ענד־טשעין" איבּער דער קאַמזשילקע און געזונגען איניגע אידישע לידער. זיין שטימע איז געווען אַ חזנ׳ישע, אָבער — הייזעריג.

זיינע לידער האָבען געטראָגען אַ זעהר ערנסטען כאַראַקטער. ער פלעגט אָנהויבּען מיט אַ ליד וועגען דעם „ווי מען שלאָגט און מען פּלאָגט אידען". אין דער ליד פלעגט ער מיט אַ האַלב־וויינענדיג קול באַזינגען דעם טרויער פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, פון דעם קעשענעווער פּאָגראָם און פון דעם דרייפוס־פּראָצעס אין פראַנקרייך. די צושויער פלעגען זיפצען און אַפּלאָדירען. ער פלעגט דאַן זינגען אַן אַלגעמיין סאָציאַל ליד „מיט קיין געלט טאָר מען שטאָלצירען ווייל מען קאָן עס גיך פאַרלירען", און די צושויער פלעגען מיטזינגען.

נאָכהער פלעגט ער זינגען אַ פּאָפּולער פאָלקס־ליד, אַזאַ ליד, וואָס יעדער איינער פלעגט קענען מיטזינגען.

ער פלעגט, למשל, אָנפאַנגען זינגען: „קום, קום, ישראל׳יקל אַהיים, אַהיים", פלעגט דאָס פּובּליקום נאָכפאָלגען מיט די ווערטער: „אין דעם שעהנעם לאַנד אין דיין". דאַן פלעגט דער זינגער פאָרטזעצען: „קום זשע שנעלער און קלער קיין סד", פלעגט דער עולם נאָכפאָלגען: „און זיי אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך"

דאַן פלעגט דער זינגער צוזאַמען מיט'ן פובליקום ענדיגען: ,,ישראל'יק, ברודער, שנעלער קום אַהיים!''.

נאָך אַזאַ ליד פלעגט אויסברעכען אַן אַפּלאַוז. דער עולם איז געווען באַגייסטערט. דער זינגער האָט אויסגעזעהן צו זיין געריהרט . . . ער פלעגט שמייכלען און גלייכצייטיג ווישען די אויגען, ווי עס וואָלט איהם פאַרקלעמט ביים האַרצען . . . איידער ער פלעגט אַוועקגעהן פלעגט ער זינגען אַ ליד אין רוסיש, ווי למשל: ,,העי, דובינושקאַ דאַי אוכניעם'' אַ סך פון פובליקום, די יעניגע וועלכע שטאַמען פון רוסלאַנד פלעגען אַרויסהעלפען ,,עי, זעליאָנאַיאַ סאַמאַ פּאַידיאָט!''

דער ערשטער זינגער איז, ווי געזאָגט, געווען ערנסט און ווירדיג. נאָך איהם פלעגט קומען אַ צווייטער זינגער, איינער וואָס איז שוין געווען פרעהליך און לוסטיג.

דער צווייטער זינגער איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ ספּאָרט, אַ לעבע־יונג. ער האָט געטראָגען ווייסע הויזען, מיט אַ בלויען סוירדזש־רעקעל, אויפ'ן קאָפּ אַ רונדען שטרוי־הוט, אין האַנט אַ דינעם שטעקעל. ער איז געווען אַ זינגער און אַ טענצער. ער פלעגט זינגען טאַנצענדיג אָדער טאַנצען זינגענדיג. ער פלעגט אויסנעמען שטאַרק ביי מיידלאך און יונגע ווייבלאך.

אויסער טאַנצען און זינגען פלעגט ער אויך זאָגען וויצען, ניט קיין ריינע. ער פלעגט אָנפאַנגען מיט דערציילען אַ פּאָר וויצען און נאָכהער זינגען אַ פּעפּערדיג לידעל וועגען אַ מיסעס מיט אַ באָרדער. ער פלעגט צוטאַנצען זינגענדיג דאָס דאָזיגע ליד.

דאָס צווייטע ליד האָט שוין געטראָגען איינגאַנצען אַן אַנדער כאַראַקטער. ער פלעגט מאַכען אַ פרום־ערנסטען פּנים און זינגען אַ רעליגיעז־סענטימענטאַל ליד, ווי: ,,פרייטאָג אויף דער נאַכט איז יעדער איד אַ מלך'', אָדער ,,שבת קודש ביים אידעלע''. די צושויער פלעגען איהם אַרויסהעלפען זינגען די דאָזיגע שבת־לידער און איהם שטאַרק אַפּלאָדירען.

צום סוף פלעגט אַרויסקומען אַן אַקטריסע, אַ פרוי אין די מיטעלע יאָהרען. פון ווייטען פלעגט זי אויסזעהן ווי אַ יונגע פּרימאַדאָנע. זי פלעגט זינגען איי־ניגע לידער. די איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצע באַל־קלייד, מיט אַ גאָלדענעם זייגערל אויפ'ן ברוסט, און אַ גאָלדענע קייטעל אַרום האַלז.

די זינגערין פלעגט אָנפאַנגען מיט אַ פּאָפּולערע פאָלקס־ליד, אַ ליד וואָס איז געווען באַקאַנט צו די אימיגראַנטישע אידען נאָך פון דער אַלטער היים.

איינע פון די פּאָפּולערסטע לידער אין יענער צייט איז געווען ,,אַ בריוועלע דער מאַמען''. אַלע האָבען געוואָלט, אַז זי זאָל זינגען דאָס דאָזיגע ליד.

ווען זי פלעגט אָנפאַנגען ,,אַ בריוועלע דער מאַמען'', פלעגט דאָס פובליקום מיטזינגען — ,,זאָלסטו ניט פאַרזאַמען''. דאַן פלעגט די זינגערין צוזאַמען מיט'ן פובליקום פאַרטזעצען: ,,שרייב מיין קינד, מיין ליבעס קינד'' א. אַז. וו.

דאָס דאָזיגע ליד פלעגט אַרויסרופען זיפצען און טרערען ביי אַ צאָל יונגע פרויען און מיידלאך צווישען פובליקום. זיי פלעגען זיך דערמאָנען אַן

זייערע אלטע טאַטעס און מאַמעס, וועלכע זענען ווייט ווייט אין דער אַלטער היים, מען וויל זיי זעהען און מען קאָן ניט . . . סיידען זעהן זייערע פאָטאָגראַפיעס . . .

נאָכהער פלעגט די זינגערין אַרויסקומען מיט אַן אַנדער פאָלקס־ליד ווי „גאָט און זיין משפט איז גערעכט״ אדער „אוי וועה יתומה׳לע, ביסט אַן אָפּגעהאַקטעס בוימעלע״. אויך די יתומה׳לע־ליד פלעגט אַרויסרופען טרערען ביי מיידלאַך און ווייבלאַך פון פובליקום.

אָבער דעם שטאַרקסטען רושם פלעגט די אַקטריסע מאַכען בעת זי פלעגט זינגען אַ טרויעריג ליד וועגען דער טראַגעדיע פון אַ מיידעל וואָס „זינקט אין אָפּגרונד״. די זינקענדע שטרעקט אויס איהרע הענט צו דער געזעלשאַפט, מען זאָל איהר אַרויסשלעפּען פון זומפּ . . . די געזעלשאַפט וויל ניט, פאַרקערט — מען שטופּט איהר נאָך טיפער . . . מען פאַרשטויסט איהר . . .

ווען זי פלעגט זינגען אַזאַ ליד האָבען מיידלאַך און ווייבלאַך געוויינט. די אַקטריסע פלעגט קריגען אַ סך אַפּלאָדיסמענטען פון אַלעמען, סיי פון די מענער, סיי פון די פרויען.

איידער די פאַרשטעלונג פלעגט זיך ענדיגען פלעגען די צושויער אויסהערען אַ ריהרענדע רעדע פון דעם מענעדזשער.

דער מענעדזשער פלעגט אַרויסקומען און זאָגען דעם עולם, אַז די לאַגע פון די עטליכע אַקטיאָרען איז זעהר אַ שלעכטע.. זיי, די אַקטיאָרען, מאַטערען זיך מיט אַלע כוחות צו געבען דעם עולם פון דעם בעסטען רעפּערטואַר כדי דאָס „האָכגעשעצטע פובליקום״ פון מאָנטרעאל זאָל זיך אַמוזירען, אָבער דאָס פובליקום געהט אין אַנדערע מואווי־טעאַטערס . . . לכן איז ער מודיע, אַז עס קאָן אַזוי ווייטער ניט אַנגעהן. די אַקטיאָרען פון אַט דעם וואָדעוויל־טעאַטער דאַרפען מאַכען אַ לעבען . . . זיי דאַרפען צאָלען פאַר רענט, פאַר באָארד א. אַז. וו. די מאָנטרעאלער אידען ווערען דעריבער געבעטען צו קומען אין אַט דעם וואָדעוויל־טעאַטער אָפטער און ברענגען זייערע פריינד און באַקאַנטע. אויב ניט וועלען די אַקטיאָרען פאַרלאָזען מאָנטרעאל און אַוועקפאָרען אין אַן אַנדער שטאָט.

נאָך אַזאַ אַפּיל און וואָרנונג האָבען די צושויער זיך געפיהלט פאַרפליכטעט צו קומען נאָכאַמאָל אין זעלביגען טעאַטער, ניט אַזוי צוליב פאַרוויילונג, נאָר בכדי עטליכע אָרימע אידישע וואָדעוויל־אַקטיאָרען זאָלען ניט ליידען קיין הונגער.

# חתונות

יונגע בחורים און מיידלאך זענען געגאנגען אפט אין די מואוויס.

ווען א יונגערמאן האט געוואָרפען אן אויג אויף א מיידעל און זי איז איהם געפעהלען, האט ער זי גערלאדען צו א מואווי.

אין אידישען טעאטער פלעגט ער זי לאדען שפעטער, ווען ער האט געהאט באשלאסען, אז ער זאל ווערען איהר חתן. . .

ווען א מיידעל און א בחור פלעגען זיך ווייזען אין אידישען טעאטער האט מען שוין גערעדט, אז זיי זענען „ענגיידזשד״. . .

אין א „מואווי״ האט ניט אויסגעמאכט. ווען א בחור פלעגט לאדען א מיידעל צו א „מואווי״ פלעגט עס נאך ניט מיינען, אז דער יונגערמאן פארפליכטעט זיך. . .

ווען זיי זענען אייניגע מאל געווען אין די „מואוויס״ דאן האט שוין די מיידעל אנגעהויבען פיהלען, אז דער בחור איז נים גלייכגילטיג צו איהר. . . אבער זיכער איז זי נאך ניט געווען.

נור ווען דער בחור האט איהר איינגעלאדען אין אידישען טעאטער דאן איז שוין געווען קלאהר, אז ער איז פארליבט. . .

דאן האט זי אנגעהויבען ווארטען אויף דער ליבעס-ערקלערונג. . .

אויב דער בחור איז געווען א שעמעוודיגער פלעגט די מיידעל דארפען ווארטען עטליכע וואכען לענגער אויף דער ליבעס-ערקלערונג. זי פלעגט וועגען דעם זיין זעהר נערוועז. . .

ווען די ליבעס-ערקלערונג איז געקומען האט זי באלד געלאזט וויסען איהרע קרובים, לאנדסלייט און פריינדינעס און מען האט באלד אנגעהויבען פלאנירען די חתונה. . .

די חתונה פלעגט מען געוועהנליך ארראנזשירען פאר א זונטאג אוונד אין א האל. חתן־כלה און די נאהענטע קרובים פלעגען מיט קארעטען פאהרען צום האל.

די חתן־כלה פלעגען פאהרען אין א קארעטע מיט צוויי פערד. . . די מחותנים אין קארעטען צו איין פערד.

איידער מען פלעגט צופאהרען צום האל פלעגען די קארעטען זיך אפשטעלען ביים פאטאגראפטשיק. חתן־כלה פלעגען נעהמען בילדער.

די חופה אין האל איז צוגעגאנגען איינפאך. דער מסדר-קידושין איז געווען אן ארטאדאקסישער רב אדער א רעווערענד. אונטער דער חופה האט מען קיין ענגלישע רעדעס ניט געהאלטען.

פון דער כלה האט מען ערוואַרטעט, אז איידער זי געהט צו דער חופה — און געהענדיג צו דער חופה — זאל זי וויינען. דאס געוויין דארף אבער זיין א

שטילער, ניט אויפ'ן קול. אויך דער חתן האט באדארפט אויסקוקן אזוי ערנסט ווי נאר מעגליך.

ווען די חופה־צערעמאניעס זענען אנגעגאנגען פלעגן די געסט שטעהן ארום דער חופה. יעדער איינער האט זיך באמיהט צו שטעהן וואס נעהענטער צו דער חתן־כלה און די מחותנים. פרויען און מיידלאך זענען געווען שטארק נייגע־ריג צו זעהן אויב די כלה וויינט נאך. ווייבער־געסט פלעגן רעדען צווישען זיך וועגען דער כלה'ס וויינען. זיי האבען אויסגעטייטשט, אז די כלה וויינט דערפאר, ווייל זי האט מורא פאר איהר צוקונפט; ווייל זי קאן צו ווייניג דעם חתנ'ס כאראקטער און איז ניט זיכער אויב ער וועט שטענדיג זיין אין איהר פארליבט אזוי ווי ער איז איצט. וועגען דעם חתן פלעגט מען רעדען, אז ער זעהט אויס ערנסט און פארזארגט, ווייל ער איז ניט זיכער אויב די כלה וועט איהם ליבען מיט יאהרען שפעטער, ווען ער וועט ניט זיין אזוי ספארטיש, שלאנק און שעהן געקליידעט ווי ער איז איצט, בעת ער איז יונג.

כל זמן די חופה־צערעמאניעס זענען אנגעגאנגען זענען אלע געווען ערנסט. אבער באלד נאך דער חופה האט זיך די לאגע געביטען. די כלה האט אויפגעהערט וויינען און איהר פנים האט אויפגעשיינט. דער חתן האט געשמייכעלט און אלע זענען געווען פרעליך. די קלעזמער האבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט און מחותנים האבען זיך געקושט.

די טענץ האבען זיך אנגעהויבען באלד נאך דער חופה. די קלעזמער האבען געשפילט היימישע ניגונים, וועלכע זענען געווען באקאנט צו די מעהרסטע געסט נאך פון דער אלטער היים. די קלעזמער זענען אויך געווען אימיגראנטישע אידען. א גאנצע וואך פלעגען זיי ארבייטען אין די שעפער, נאר זונטאג פלעגען זיי שפילען ביי חתונות.

נאכדעם ווי מען האט אפגעטאנצט אייניגע שעה האט איין צד מחותנים אנגעפאנגען אן אגיטאציע מען זאל שוין געהן עסען. די טענה איז געווען: „די געסט זענען שוין הונגעריג" . . .

דער צווייטער צד מחותנים האט ניט איינגעשטימט. „נאך צו פריה . . . עס ברענט ניט!" האט דער דאזיגער צד גע'טענה'ט.

„עס איז א סקאנדאל! . . . מען הונגערט אויס די געסט!" . . . האט זיך אנגעהויבען קאכען דער ערשטער צד. דער צווייטער צד האט געשריען: די פרעסער, א חרפה און א שאנדע!"

אמאל פלעגט איבער אזא דיספיוט אויסברעכען א קריגעריי, איבערהויפט ווען מחותנים פון איין צד זענען געווען „רומענישע" אדער „גאליציאנער" און די מחותנים פון דעם אנדער צד זענען געווען „ליטוואקעס" אדער „פוילישע" אדער „בעסאראביער".

אויב א קריגעריי פלעגט אויסברעכען האבען די קלעזמער געהאט די אויפ־גאבע איינצושטילען. זיי פלעגען אנהויבען באראבאנעווען מיט דער פויק און מיט די טאצען, און מאכען א קאצעניאמער מיט די אנדערע אינסטרומענטען,

אַז די קריגערישע מחותנים פֿלעגן זיך מוזן איינשטילן. ווען דער מוזיקאַלי־שער טאַראַראַם האָט זיך איינגעשטילט האָבן די געסט מאַרשירט צום עס־זאַל.

דאָרט אין עס־זאַל זענען לאַנגע טישן געווען געגרייט מיט כל־טוב: געבראָטענע פֿלייש, ראַזשינקעס, זויערע אוגערקעס, פּינאַטס, דזשינדזשער־עיל, באַנאַנעס, היימיש־געמאַכטע שנאַפּס (וואָסער געמישט מיט דזשין).

נאָכ׳ן עסן פֿלעגט מען ווידער גיין טאַנצן. די חתונה פֿלעגט זיך ענדיקן שפּעט פֿאַרטאָג. די מחותנים און געסט פֿלעגן נאָכהער אַריינשיקן זייערע מתנות. די גרעסטע מתנה פֿלעגט זיין: אַ געלע מעשענע בעט אָדער אַ זינגער ניי־מאַשין.

אויף מאָרגן נאָך דער חתונה האָט זיך דאָס יונג פּאָרפֿאָלק ערלויבט אַ יום־טוב. מען פֿלעגט אַרויספֿאָרן פֿאַר אַ „האַנימון״, ניט ווייט, ערגעץ אַרום שטאָט. דער יום טוב פֿלעגט דויערן איין טאָג.

אין אַט דעם טאָג פֿלעגט דאָס פּאָרפֿאָלק אַרויספֿאָרן אָדער אין סט. העלענ׳ס איילאַנד אָדער אין דאָמיניאָן פּאַרק. דער פּאַרק איז נאַטירליך געווען אינטע־רעסאַנטער. צו אַרויספֿאָרן אין דאָמיניאָן פּאַרק איז פֿאַר אַ יונג פּאָרפֿאָלק געווען אַ יום טוב, ספּעציעל אין אַ מיטענוואָכיקן טאָג, ווען קיין סך מענטשן זענען דאָרט ניט געווען.

אַט דער „האַנימון״ טאָג פֿלעגט זיך געוויינליך ענדיקן מיט אַ באַזוך אין אידי־שען טעאַטער. אַזוי פֿלעגט דאָס יונג פּאָרפֿאָלק פֿאַרברענגען דעם פֿרייען טאָג — דעם „האַנימון״־טאָג — נאָך דער חתונה.

# ציון - טרוימער

ציוניזם איז אין יענער צייט פון א רעאַליסטישען שטאַנדפונקט געווען א קליינער ענין. די באַציהונג צו ציוניזם איז געווען ווי צו א טרוים און אויף ציר־ניסטען האט מען געקוקט ווי אויף טרוימער.

וועגען ארץ ישראל האט דער דורכשניטלאַכער איד אין יענער צייט געהאט א באַגריף, אַז עס איז א הייליג לאַנד, אָבער א וויסטע, א לעדיגע.. מען האט גע־וואוסט, אַז עס איז א לאַנד פון הייליגע קברים.

ווען מאָדערנע מגידים אדער ציוניסטישע אַגיטאַטארען פלעגען וועלען אי־דעאַליזירען ארץ ישראל אין די אויגען פון די פאַלקס־מאַסען, פלעגען זיי דערמאַ־נען די קברים פון די הייליגע אבות און דעם קבר פון דער מוטער רחל. זיי האָבען אויך פיל גערעדט וועגען דער היסטאָרישער הייליגקייט פון כותל מערבי — די הייליגע וואַנט.

פרומע אידען, בעת זיי זענען געקומען אין טיפען עלטער האָבען געהאַט חשק צו פאָהרען קיין ארץ ישראל שטאַרבען. ווען א יונגער איד איז געפאָהרען אהין כדי צו לעבען — האט מען אויף איהם געקוקט ווי אויף א טרוימער. . .

פונדעסטוועגען האט מען זעהר רעספּעקטירט דעם ציוניסטישען טרוים און געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר די ציוניסטישע טרוימער. אויף דר. הערצל, דעם הויפּט פון די טרוימער, האט מען געקוקט ווי אויף דעם גרעסטען איד פון דער מאָדערנער צייט. זיין בילד איז געווען אין כמעט יעדע אידישע הויז. נאָך הרצל איז דר. מאַקס נאָרדוי, געווען פאַרעכענט פאַר דעם גרעסטען איד פון יענער צייט. אויך נאָרדוי׳ס בילד איז געווען אין פילע אידישע הייזער. די נעמען פון דר. הרצל און נאָרדוי האָבען סימבאָליזירט דעם אָנפאַנג פון א נייער עפּאָכע אין דער אידישער געשיכטע.

אין יענער צייט האָבען אידען געגעבען ווייניג געלד פאַר ארץ ישראל, אָבער די ראָמאַנטיק פון ציוניסטישען טרוים האט באַווירקט זייער לעבען.

ווען אידען פלעגען זיך צוזאַמענקומען צו א שמחה, צו א קאָנצערט פלעגט מען זינגען ציוניסטישע לידער. מען פלעגט זינגען „על אם הדרך" און „שאו ציונה" און „במקום שם ארזים" וועלכע זענען געווען זעהר פּאָפּולער אין יענער צייט. אידען וועלכע האָבען ניט געקאָנט העברעאיש פלעגען זינגען אידישע לי־דער מיט ציון־מאָטיווען, ווי „עס שיינט די לבנה, עס גלאַנצען די שטערען" אדער „קום, קום ישראל׳יק׳על אהיים".

אין יענער צייט האט מען געהאט גרויס דרך־ארץ פאַר די ציוניסטישע קאָנגרעסען. מען האט געוואוסט, אַז די דעלעגאַטען ביי די דאָזיגע קאָנגרעסען זענען פּראָמינענטע דאָקטוירים און פּראָפעסאָרען פון גרויסע אייראָפּעאישע שטעט — פון פּאַריז און בערלין, פון וויען און לאָנדאָן, פון בודאַפּעסט און

פראנקפורט. מען האט געוואוסט, אז די דאזיגע באריהמטע פערזענליכקייטען פון מערב־איירָאפּע זענען געווען פרעמד פון אידישקייט, נור דער ציוניסטישער טרוים האט זיי געבראכט אין אידישען לאַגער. מען האט אויך געוואוסט, אז זיי האבען זיך אנגעכאפּט אן דעם ציוניסטישען אידעאל צוליב דעם אנטיסע־מיטישען דרוק וואס האט זיך אנגעהויבען שפּירען אין די אוניווערזיטעטען און קולטור־צענטערס פון מערב־איירָאפּע — דער זעלביגער דרוק וואס האט גע־בראכט דר. הרצל און דר. נאָרדוי צום ציוניסטישען טרוים. דער דרייפוס־פּראָ־צעס אין פראנקרייך, דער אנטיסעמיטישער בירגערמייסטער, דר. לאוגער פון וויען, אידישע רעכטלאזיגקייט אין רוסלאנד און רומעניע — האבען געשאפען ענטוישונג צו אסימילירטע אריסטאקראטישע אידישע אינטעלעקטועלען פון מערב־איירָאפּע און זיי געבראכט צום ציוניסטישען טרוים.

ארץ ישראל איז נאך געווען א לעדיג לאנד, אבער אין דער שפּיץ פון דער ציוניסטישער באוועגונג זענען געשטאנען גרויסע מענשען: הרצל און נאָרדוי, וואלפסאָן און זאנגוויל, אחד העם און קלויזנער, שמריהו לעווין און אוסישקין. אלע אידען האבען רעספּעקטירט אט די פיהרער צוליב דעם ראמאנטישען טרוים מיט וועלכען זיי האבען פארבונדען די אידישע צוקונפט.

# ציוניסטישע פּאָליטיק

ווען דר. הרצל האָט געלעבט האָבּען זיך אַלע אינטערעסירט מיט זיינע פּאָליטישע אַרבּייטען, דער עיקר מיט זיינע פאַרהאַנדלונגען אין טערקיי. דר. הרצל האָט זיך באַמיהט צו קריגען פון טערקיי אַ טשאַרטער פאַר אידען אויף ארץ ישראל.

ווען דר. הרצל איז געשטאָרבּען, אינמיטען פון די פאַרהאַנדלונגען, האָבּען אַלע אידען געטרויערט. נאָך זיין טויט האָבּען זיך אָנגעהויבּען ווייזען האָפענונגען. עס האָט זיך אָנגעהויבּען אין טערקיי אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג געגען דעם דעספּאָט אַבּדול האַמיד, אַ באַוועגונג פאַר פרייהייט, ציוויליזאַציע און איראָפּייאישע קולטור.

אין 1908 איז געשעהן די איבּערקערעניש אין טערקיי. די ציוויליזירטע פרייהייטליכע יונג־טערקען זענען געקומען צו דער מאַכט.

די ציוניסטישע פּאָליטיקער, די פּאָליטישע יורשים פון דר. הרצל, האָבּען אָנגעהויבּען האָפען אויף די יונג־טערקען.

אידען האָבּען זיך אָנגעהויבּען פיהלען נאָהענט צו די יונג־טערקען. מען האָט זיך דערמאָנט, אַז די טערקען זענען קינדער פון פעטער ישמעאל און זענען דעריבּער אונזערע לייבּליכע קאָזינס. וועלען די „קאָזינס'' אונז געבּען אַ טשאַרטער אויף ארץ ישראל? אידישע שרייבּער אין העבּרעאישע און אידישע צייטונגען זענען דאָן געווען צוטיילט אין זייערע מיינונגען.

איין מיינונג איז געווען, אַז זיי וועלען געבּען; אַז פאַר אידען — און פאַר טערקען — פאַנגט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע, אַן עפּאָכע פון נאַציאָנאַלער אויפלעבּונג פון קולטורעלען רענעסאַנס.

אַ צווייטע מיינונג איז געווען, אַז עס רוקט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע — אַן עפּאָכע פון צרות, פון אימפּעריאַלע מלחמות; אַז מען וועט אינטריגירען געגען די מאָדערנע יונג־טערקען, זיי אריינשלעפּען אין אַ קריג כדי צוצוברעכען די טערקישע אימפּעריע . . . זיי וועלען דעריבּער פאַר אידען גאָרניט קאָנען טאָן . . .

אין דער דאָזיגער פּאָליטיק האָבּען זיך אינטערעסירט אַלע אידען, אפילו אַזעלכע, וועלכע זענען ניט געווען פאַרבּונדען מיט ציוניסטישער אַקטיוויטעט.

* * *

איינגעוואַנדערטע אידען, בעת זיי זענען אָנגעקומען אין מאָנטרעאל, האָבּען געוואָלט וויסען, ווער עס זענען דאָ די ציוניסטישע טוער. דער ערשטער וויכטיגער ציוניסט פון וועלכען זיי האָבּען געהערט איז געווען קלאַרענס דע סאָלאַ.

וועגען קלאַרענס דע סאָלאַ האָט מען פיל גערעדט. זיין פערזענליכקייט האָט שטאַרק אימפּאָנירט. מען האָט רעספּעקטירט זיין יחוס און זיין וויכטיגען סטאַ־

טוס אין דער ניט־אידישער געזעלשאפט. פאר אַ לאַנגע צייט איז ער געווען דער פּרעזידענט פון די קאַנאַדער ציוניסטען.

קלארענס דע סאלא איז געווען באוואוסט אויך פאר א גרויסען אינזשענער, איינער פון די גרעסטע אין קאַנאַדע. ער איז געווען דער קאָנסיל פאר בעלגיע. מען האָט געוואוסט, אז ער האָט א גרויסע ביבליאָטעק — גע׳ירשנ׳ט פון דער פאמיליע. אין דער שפּאַניש־פּארטוגעזישער שוהל איז ער געווען איינער פון די פרומסטע מיטגלידער. דער ציוניזם איז פאַר איהם געווען א באוועגונג וואָס דאַרף ברענגען די אידען ניט בלויז צו אַ אידישען שטאַט אין ארץ ישראל, נאַר אויך צוריק צו פרומקייט, צו עכטער רעליגיעזיטעט.

צווישען די אַקטיווע ציוניסטען אין יענער צייט זענען אויך געווען: חיים בערנשטיין, א. לעווין, לואי פיטש, דוד ספּערבער, לעאָן גאָלדמאַן און ר. דאַרווין.

# ציוניסטישער ראַדיקאַליזם

אידישע מאַסען האָבען טאַקע געזונגען ציוניסטישע לידער און געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר ציוניסטישע פיהרער, ספּעציעל פאַר דר. הערצל און מאַקס נאָרדוי, אָבער דער באַגריף איז געווען, אַז ציוניזם איז אַ ענין פאַר געוויסע סאָרטען אייראָפּייאישע אידען, — פאַר העבּרעאישע אינטעליגענטען, פאַר בּיבּלישע אידעאַליסטען, סענטימענטאַלע אוטאָפּיסטען, אָבער ניט פאַר פּראַקטישע מענשען אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע, וואו יעדער איינער דאַרף האָבען אין זין „צו מאַכען אַ לעבען" אָדער „זיך ארויפאַרבּייטען".

די מעהרסטע אידען זיינען דאָן געווען אַרבּייטער. דאָס רוב אידישע אַרבּייטער זענען געווען שניידערס און קלאָוקמאַכער. צווישען זיי האָט מען אָנגעפיהרט אַן אַגרעסיווען קאַמף געגען ציוניזם.

סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע פיהרער פון טרייד־יוניאָנס האָבען מיט אַלע כוחות געקעמפט צו דערשטיקען ציוניסטישע סענטימענטען. אויף ציוניסטישע טעאָרעטיקער און פּובּליציסטען פלעגט מען זאָגען, אַז זיי ווילען מיט ארץ־ישראל־פּראָפּאַגאַנדע אָוועקנעהמען די אַרבּייטער פון סאָציאַליזם און פאַרניכטען זייערע האָפענונגען אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין „פאָרווערטס" פלעגט מען אַטאַקירען ציוניזם און אָפּלאַכען פון ציוניסטישע פיהרער. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז די פּועלי־ציון, פון איין זייט, און די ערשטע וועלט־מלחמה מיט מיליאָנען אידישע קרבּנות, פון דער אַנדער זייט, האָבען געווירקט, אַז אַלגעמיינע סאָציאַליסטען זאָלען אַנערקענען עקזיסטענץ־בּארעכטיגונג צו דער ציוניסטישער באַוועגונג אין דער אידישער וועלט.

אין יענער צייט האָבען אַנטי־ציוניסטישע סאָציאַליסטען געשראָקען די אַרבּייטער, אַז ציוניזם איז אַ זאַך פון דער „בּורזשואַזי" געגען די אינטערעסען פון די אַרבּייטער וועלכע דאַרפען זיין פאַראינטערעסירט נור אין קלאַסען־קאַמף און אין סטרייקס. די פּועלי־ציוניסטען האָבען געהאַרעוועט זעהר שווער צו באַווירקען די אַרבּייטער, אַז זיי זאָלען זיך פאַר'ן ציוניזם ניט שרעקען; אַז ס'איז ניט אין ווידערשפּרוך צו סאָציאַליזם און אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט צוליבּ דעם ניט פאַרהאַלטען ווערען, אָדער זיך פאַרשפּעטיגען.

די פּועלי־ציוניסטען האָבען באַדאַרפט קעמפען שווער, אַז מען זאָל זיי אַנערקענען פאַר „ראַדיקאַלען" און פאַר „סאָציאַליסטען".

זיי האָבען אויך גערעדט פון „סאָציאַלע רעוואָלוציע", פון „קלאַסען־קאַמף" פון „מאַרקסיזם" און פון „וועלט־פּראָלעטאַריאַט", אָבער אַנטי־ציוניסטישע סאָציאַליסטען האָבען ניט געוואָלט אַנערקענען זייער „ראַדיקאַליזם". די פּועלי־ציוניסטען פלעגען שטודירען סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער כדי צו זוכען אין זיי אַן אָנדייטונג, אַז נאַציאָנאַליזם איז כשר און ציוניזם דאַרף ניט זיין טריף.

די פועלי־ציונסיטען האבען אין יענער צייט געפונען א וויכטיגען סאציאליס־טישען פיהרער און טעארעטיקער, וואס האט אידעאליזירט ארץ ישראל. דאס איז געווען משה העס, א דייטשער איד, א גרויסער אריגינעלער סאציאליסטישער טע־ארעטיקער און דענקער. אבער העס איז שוין געווען לאנג טויט. אויף די אנטי־ציוניסטישע סאציאליסטען פון „פארווערטס" האט ער קיין ווירקונג ניט געהאט.

א פיהרער פון די פועלי־ציון אין יענער צייט, דר. נחמן סירקין, האט אי־בערזעצט אין אידיש דעם קלאסישען בוך „רוים און ירושלים" פון משה העס. פאר א צייט איז דאס דאזיגע בוך געווען א שטארקער וואפען וואס די פועלי־ציו־ניסטען האבען גענוצט געגען דעם מארקסיסטישען אנטי־ציוניזם אויף דער אי־דישער גאס.

דר. סירקין פלעגט קומען אפט אין מאנטרעאל. די פועלי־ציון פלעגען איהם ברענגען צו האלטען רעפעראטען וועגען ציוניזם און סאציאליזם, וועגען נאציאנא־ליזם און אינטערנאציאנאליזם. ער פלעגט אויסטייטשען געשעהענישען אין דער געשיכטע, אידישע און אלגעמיינע. ער איז געווען א קענער און פארשער פון אי־דישער געשיכטע און אן איבערגעגעבענער העבראאיסט און דער טעארעטיקער פון ציוניסטישען ראדיקאליזם.

א צווייטער וויכטיגער פיהרער פון די פועלי־ציון, וועלכער פלעגט אפט קומען קיין מאנטרעאל, איז געווען דר. חיים זשיטלאווסקי.

זשיטלאווסקי איז פונקט ווי סירקין געווען א דענקער און טעארעטיקער, אבער בעת סירקין איז פריער געווען א ציוניסט און דערנאך ערשט א ראדיקאל, איז זשיטלאווסקי געווען צוערשט א ראדיקאל און נאכדעם א ציוניסט.

סירקין האט אנגעפאנגען רעדען צו אידען אין העבראאיש בעת זשיטלאווסקי האט אנגעהויבען מיט רוסיש. סירקין איז געווארען א ציוניסטישער ראדיקאל בעת זשיטלאווסקי איז געווארען א ראדיקאלער ציוניסט.

ביידע, סיי סירקין און סיי זשיטלאווסקי האבען געפרעדיגט און מסביר גע־ווען די ציוניסטישע אידעאלען פאר די ברייטע פאלקס־מאסען און געבראכען די אנטי־ציוניסטישע פעסטונגען וואס די ערשטע סאציאליסטען און אנארכיסטען האבען אויפגעבויט.

אין אנפאנג האט זשיטלאווסקי „געלעקטשורט", אז נאציאנאליזם דארף איינגאנצען זיין אפגעטיילט פון רעליגיע. האבען א סך ניט איינגעשטימט מיט איהם און פרומע אידען האבען זיך פאר איהם געשראקען.

אביסעל שפעטער האט ער מאדעפיצירט זיין שטעלונג צו אמונה און „גע־לעקטשורט", אז אין דער תורה זענען פאראן סאציאלע אמת'ן וועלכע האבען א גרויסע היסטארישע ווערטה אויך פאר פריידענקער.

שפעטער האט ער אנגעהויבען „לעקטשורען" וועגען די נביאים און זיי פארבונדען מיט'ן סאציאליזם פון קארל מארקס און מיט קלאסען־קאמף. . .

צו יענע לעקציעס פלעגען קומען ניט בלויז ארבייטער און ראדיקאלען, נור

אויך העבּרעאישע לערער, פאהרלייט פון שניידער־שעפער, אויך אייגענטימער פון געשעפטען. . .

זשיטלאָווסקי האָט „ענטדעקט", אז ישעיה איז געווען אַ סאָציאַליסט, אזוי ווי קאַרל מאַרקס, אָדער לאַסאַל, און אז עמוס איז געווען א מוטיגער קעמפער גע־גען די קאַפּיטאַליסטען — די פּריצים און הערשער פון יענער צייט.

אין יענער צייט, אונטער דער ווירקונג פון זשטילאָווסקי און סירקין, האָבּען פּועלי־ציוניסטען, און אנדערע סאָרטען ראַדיקאַלע נאַציאָנאַליסטען, אָנגעהויבּען שטודירען און פאָרשען אידישע געשיכטע. מען האָט אָנגעהויבּען זוכען — און געפונען — סאָציאַליסטישע און ראַדיקאַלע טענדענצען בּיי נביאים, תנאים און אפילו בּיי די גרינדער פון חסידיזם. מען האָט „ענטדעקט", אז די חשמונאים און די אנדערע פּאַרטייען און גרופּעס וועלכע האָבּען געקעמפט געגען די רוימער זע־נען געווען מוטיגע רעוואָלוציאָנערען פונקט ווי די רעוואָלוציאָנערען וועלכע האָ־בּען געקעמפט געגען צאַר אין רוסלאַנד. צו זשיטלאָווסקי׳ס רעפּעראַטען פלעגען קומען אַ סך מענשען כדי צו לערנען ניט פּאַרטיי־סאָציאַליזם, נור מאָדערנע אויס־טייטשונג פון אידישער געשיכטע.

עס איז געווען אין יענער צייט ווען דר. זשיטלאָווסקי האָט פאַרנומען דעם אויבּען־אָן פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם. ער האָט אינספּירירט די פּועלי־ציוניס־טישע גרופּעס אין פאַרשידענע שטעט — אויך אין מאָנטרעאל — צו גרינדען שו־לעס פאַר נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער ערציאונג. ער האָט געשפּילט א לייטענדע ראָלע אין דער אָרגאַניזירונג פון דער קאָנגרעס־בּאַוועגונג אין אַמעריקע און קאַנאַדע, וואָס איז אויפגעקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, און וואָס איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע אַרבּייטען פון די ראַדיקאַלע ציוניסטען אין יענער צייט.

# „היסטארישע" ציון קאנווענשאן

אין צייט ווען „קלאסענקאמף" האט פארנומען א וויכטיג ארט אין געזעל־שאפטליכען לעבען פון די אימיגראנטישע אידען, איז די ציוניסטישע ארבייט אויך געוועזן שארף צוטיילט. די פועלי ציון האבען אנגעפירט אן אגיטאציע פאר א סאציאליסטישען ציוניזם בעת די אלגעמיינע ציוניסטען האבען אנגעפיהרט א באזונדערע אקטיוויטעט וואס איז באשטאנען אין זאמלען געלד (דורך קלענערע סומען) פאר'ן נאציאנאל פאנד און פארקויפען אקציעס פאר דער ציוניסטישער קאלאניאל באנק, וואס האט געהאט איהר הויפט אפיס אין לאנדאן.

די פועלי ציון האבען זיך פארנומען מעהר מיט פראפאגאנדע און אגיטאציע. דערפאר האט זיך זייער ארבייט אנגעזעהן שטארקער צווישען די איינגעוואנדערטע אידען. פון די אלגעמיינע ציוניסטען פלעגט מען הערען מערסטענס אין דער צייט ווען עס פלעגט פארקומען א ציוניסטישע קאנווענשאן.

לאמיר אויף א מאמענט א קוק טאן און זעהן ווי עס האט אויסגעקוקט א ציוניסטישע קאנווענשאן אין יענער צייט.

מיר וועלען נעמען פאר א ביישפיל די אכטע קאנווענשאן אפגעהאלטען אין מאנטרעאל אין סעפטעמבער 1908, ווייל די דאזיגע קאנווענשאן איז באצייכענט געווארען פאר א „היסטארישע".

די קאנווענשאן איז באצייכענט געווארען פאר א „היסטארישע" דערפאר ווייל זי איז פארגעקומען באלד נאך דער רעוואלוציאנערער איבערקערעניש אין טערקיי. די דאזיגע געשעהעניש — ווען די יונג־טערקען האבען פארכאפט די רעגירונגס־מאכט — האט געבראכט גרויסע האפנונגען צו די ציוניסטישע פיהרער אין יענער צייט.

א טאג פריהער, איידער די קאנווענשאן האט זיך ערעפענט, איז אין „קע־נעדער אדלער" ערשינען אן עדיטאריעל צו באגריסען די דעלעגאטען לכבוד זייער צוזאמענקום אין א „היסטארישען מאמענט". אין דעם עדיטאריעל איז אויסגעדריקט געווארען גרויס פרייד וואס דער טערקישער דעספאטיזם האט צוזא־מענגעבראכען. דער צוזאמענברוך פון אבדול האמיד'ס רעזשים וועט ברענגען די אידען א גרויסע ישועה. מיט'ן טערקישען דעספאטיזם, זאגט דער עדיטא־ריעל, האט מען ניט געקאנט האנדלען. די צוזאגען פון די טערקישע דעספא־טישע מושלים האבען ניט געהאט קיין ממשות'דיגען ווערט. איצט פאנגט זיך אן א נייע עפאכע. מיט די פראגרעסיווע, ציוויליזירטע פיהרער פון יונג־טערקיי וועט מען זיך קאנען פארשטענדיגען און הערצל'ס טרוים וועט ווערען רעאליזירט.

אין דעם זעלביגען נומער פון דער צייטונג איז פראמינענט געדרוקט געווארען א באריכט פון ניו יארק. דארט, אין ניו יארק, איז דער טערקישער קאנסול

געקומען צו אַ מיטינג פון די פועלי ציון און געהאַלטען זעהר אַ וואַרימע רעדע, וואָס האָט געמאַכט אַ גוואַלדיגען רושם אין די ציוניסטישע קרייזען פון אַמעריקע.

אין זיין רעדע האָט דער טערקישער קאָנסול געזאָגט צווישען אַנדערעס:

„אונזער פאָלק און דאָס אידישע פאָלק וועלען געהן האַנט-איך-האַנט. אונזער רעליגיע און די אידישע אמונה זענען ענליך איינע צו די אַנדערע. אידען פאַרמאָגען פעאיגע געשעפטסלייט, פינאַנסירען, ליטעראַטען, קינסטלער — איהר וועט אויפלעבען דאָס לאַנד, ארץ ישראל. איהר וועט אריינברענגען ליכט און פראָגרעס אין אַלע ווינקעלאַך. מיר, די טערקען, וועלען אייך באַשיצען צוליב אונזערע געמיינזאַמע אינטערעסען".

אויפ'ן צווייטען טאָג איז דער „קענעדער אדלער" אַרויס מיט אַ גרויסען „קאָפּ", וואָס האָט זיך געלייענט: „באַגייסטערטע ציון-קאָנווענשאָן". דער „אונטערקאָפּ" איז געווען: „אַלע שטעט און שטעטלאַך פון קאַנאַדע פאַרטראַטען ביי דער קאָנווענשאָן. — די קאָנווענשאָן פאַרשטעהט די וויכטיגקייט פון דער איצטיגער אָרדנונג אין טערקיי פאַר'ן ציוניזם. — 10-יאָהריגער דעלעגאַט רופט אַרויס שטורם פון באַגייסטערונג".

די וויכטיגסטע פּיטשור ביי דער ערשטער זיצונג איז געווען דער „מעסעדזש" פון קלאַרענס דע סאָלאַ, דער פּרעזידענט.

אין זיין „מעסעדזש" האָט קלאַרענס דע סאָלאַ גערעדט וועגען דעם „היסטאָרישען מאָמענט" צו וועלכען דער ציוניזם איז געקומען אַ דאַנק די רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען אין טערקיי. די דעלעגאַטען זענען געווען שטאַרק גערירט, פיהלענדיג די גרויסע אחריות וואָס דער „היסטאָרישער מאָמענט" האָט אויף זיי אַרויפגעלעגט. דע סאָלאַ האָט אין זיין „מעסעדזש" אויסגעפיהרט, אַז איצט איז געקומען די צייט ווען עס הויבט זיך אויף אַן אמת אַן בויען דאָס אידישע היימלאַנד און גערופען די אנוועזענדע דעלעגאַטען צו נאַציאָנאַלער אחריות און צו מאַכען גרויסע פינאַנציעלע אַנשטרענגונגען פאַר דעם אויפבוי פון ארץ ישראל.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט זיך די קאָנווענשאָן געשלאָסען מיט אַ באַנקעט. דער באַנקעט איז פאָרגעקומען אין וויקטאָריא האָל, וועסטמאַונט. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע, די אַטמאָספערע אַ יום-טוב'דיגע. אַלע האָבען זיך געפיהלט באַגייסטערט און דערהויבען צוליב'ן „היסטאָרישען מאָמענט", און צוליב די גלענצענדיגע אויסזיכטען פאַר דער פאַרווירקליכונג פון ציוניזם. די רעדנער זענען געווען: קלאַרענס דע סאָלאַ, רעוו. דר. ה. אַבראַמאָוויטש, לייאָן קאָהען, ראַביי נ. גאָרדאָן, מר. לעאָ און הרב צבי קאָהען. אין באַריכט פון „קענעדער אדלער" ווערט אונטערשטראָכען, אַז הרב קאָהען האָט גערעדט אין אידיש.

כמעט אַלע רעדנער האָבען באַטאָנט, אַז איצט איז די צייט ווען מען דאַרף זאַמלען גרויסע פאָנדען מיט וועלכע מען זאָל בויען ארץ ישראל. דער אָריגינעלער פּלאַן איז געווען צו שאַפען ביים באַנקעט די סומע פון פופציג דאָלאַר. פאַר אַט די פופציג דאָלאַר וועט מען איינשרייבען אין „גאָלדענעם בוך" דעם נאָמען

פון פרעזידענט, קלארענס דע סאלא. מען האט אבער געשאפען א סך מעהר. די באגייסטערונג איז געווען אזוי גרויס, אז די אנוועזענדע האבען געגעבען פיל מעהר ווי מען האט געקענט ערווארטען. עס איז געזאמעלט געווארען — לויט׳ן באריכט אין „קענעדער אדלער״ — א סומע פון 125 דאלאר. דאס איז געווען א גרויסע סומע, וואס מען האט געקאנט שאפען ביי א ציוניסטישען באנקעט אין יענער צייט. די באגייסטערונג איז געווען אזוי שטארק, באריכטעט די צייטונג, אז מען האט פארבראכט ביים באנקעט ביז ארום דריי אזייגער פארטאג.

אגב — די דאזיגע קאנווענשאן האט געהאט נאך צוויי וויכטיגע „פיר־טשורס״, וועלכע דארפען פארצייכענט ווערען:

ערשטענס — עס איז פארגעלייענט געווארען א בריוו פון דוד וואלפסאן, פרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־ארגאניזאציע, וואס האט ארויסגערופען א סך באגייסטערונג ביי די דעלעגאטען.

אין זיין בריוו האט דוד וואלפסאן געשריבען, אז די נייע מלוכה־ארדנונג אין טערקיי וועט, האפט מען, זיין פריינדליך צו אידען און גוטע אויסזיכטען שאפען זיך איצט פאר׳ן ציוניזם.

צווייטענס — א דעלעגאט וואס איז 10 יאהר אלט, א תלמיד פון דער תלמוד תורה, לאזארוס פיליפס, האט באגייסטערט די דעלעגאטען מיט א ווארימע רעדע. דער יונגער דעלעגאט האט גערעדט אין נאמען פון זיין גרופע „צעירי ציון״, תלמידים פון דער מאנטרעאלער תלמוד תורה, און אפעלירט, אז מען זאל בויען א נייע געביידע פאר דער תלמוד תורה כדי די קינדער זאלען האבען מעהר לופט און בעסערע סאניטארישע באדינגונגען. ווען דער יונגער פיליפס האט געענדיגט זיין רעדע, באריכטעט דער „קענעדער אדלער״, האבען די דעלעגאטען אייניגע מינוט צייט ניט געקאנט קומען צו זיך פון באגייסטערונג.

אויף מארגען נאך דער קאנווענשאן האט דער „קענעדער אדלער״ געדרוקט אן עדיטאריעל אין וועלכען עס איז געשטעלט געווארען די פראגע: „ווארום זענען די ברייטע מאסען (די אימיגראנטישע אידען) ניט געקומען אין פרייזער׳ס האל באזוכען די קאנווענשאן? דער עדיטאריעל־שרייבער איז ארויסגעקומען מיט אן עצה צו די ציוניסטישע פיהרער, אז זיי זאלען אנהויבען טראכטען וועגען מיטלען און מעטאדען ווי צו פאראינטערעסירען די ברייטע אידישע מאסען אין די פראבלעמען פון ארץ ישראל און אין דער ציוניסטישער באוועגונג בכלל.

# פּאָליטיק און בירגערשאַפט

אויף שריט און טריט האָבען איינגעוואַנדערטע אידען אין דער אימיגראַנטישען פעריאָד געפיהלט די פרייהייט און גלייכהייט אין קאַנאַדע. אין פאַרגלייך צו רוסלאַנד אָדער צו רומעניע, האָבען זיי געפיהלט, איז קאַנאַדע אַן אמת׳ער גן־עדן אין דער באַציהונג צו אידען.

עס זענען דאַ אָבער געווען בויאַנעס וועלכע פלעגען אין געוויסע געגענטען און גאַסען, איבערהויפּט אין גריפינטאַן אָדער פּאָינט־סט. טשאַרלס, באַפאַלען אימיגראַנטישע אידען און זיי באַליידיגען, געבען קלעפּ.

די בויאַנעס זענען געווען יונגע בחורים. זיי פלעגען געהן אין די בורלעסק־טעאַטערס, זעהן ווי „דזשו־קאָמעדיענס" מאַכען חוזק פון איינגעוואַנדערטע אידען און אזוי ארום ווערען באַווירקט מיט גרינגשעצונג און שנאה צו אידישע אימיגראַנטען.

דאַן האָט מען אין דער אידישער קהלה זיך אָנגעהויבען אינטערעסירען מיט שטאָטישע פּאָליטיק. דער חשבון איז געווען, אַז דער דאָזיגער בויאַנישער איבעל וועט זיך געוויס אויפהערען אויב א אידישער אָלדערמאַן וועט זיצען אין שטאָט־ראָט און מאַהנען פון דער פּאָליציי מעהר שוץ געגען די אַנטיסעמיטישע בויאַנעס.

בכדי צו דערוועהלען א אידען אין שטאָט־ראָט איז געווען נויטיג א גרעסערע צאָהל אידישע וועהלער. האָט זיך געגרינדעט א „סיטיזענס ליג" צו באַווירקען אימיגראַנטישע אידען זיי זאָלען זיך נאַטוראַליזירן און ווערען קאַנאַדישע בירגער.

די אידען וועלכע האָבען אָנגעפיהרט מיט דער „סיטיזענס ליג" זענען געווען גוט באַוואוסט אין דער אידישער גאַס. זיי פלעגען זיך חבר׳ן מיט שטאָטישע פּאָליטיקער, געקאָנט דעם מעיאָר און אייניגע אָלדערמען, געווען באַפריינדעט מיט אידישע לאָיערס און פלעגען האַלטען ר ע ד ע ס ביי די מאַסענפאַרזאמלונגען וועלכע די „סיטיזענס ליג" פלעגט רופען אין לייבאָר טעמפּל זעהר אָפט. די מיטינגען פלעגען פאָרקומען זונטאָג נאָכמיטאָג. פאַר די אימיגראַנטישע אידען זענען די דאָזיגע מאַסענפאַרזאַמלונגען געווען זעהר אינטערעסאַנט.

צווישען די טוער אין „סיטיזענס ליג" וועלכע זענען געווען שטאַרק באַקאַנט צו די אימיגראַנטישע אידען א דאַנק זייערע פּאָליטישע פאַרבינדונגען און טעטיגקייטען זענען געווען: דזשאָזעף מילער, בעני שטייערמאַן און חיים שטיינמאַן.

א מאַס־מיטינג פון דער „סיטיזענס ליג" האָט געטראָגען אונגעפעהר אַזאַ כאַראַקטער. אויף דער טריבונע פלעגען זיצען פינף אָדער זעקס מענשען. איינער איז געווען א קריסט. דער קריסט איז געווען אַן אָלדערמאַן אָדער א מיטגליד פון לעדזשיסלייטשור.

דער קריסט איז פאַר די אימיגראַנטישע אידען געווען דער סימבאָל פון א פריינדליכען קאַנאַדער בירגער. דער פאָרזיצער פלעגט איהם פאָרשטעלען פאַר א

גרויסען אידען־פריינד, פאר איינעם פון די „חסידי אומות העולם״. דער פארזיצער פלעגט זאגען, אז אויב ס׳איז פאראן אין מאנטרעאל א איד וואס נויטיגט זיך אין א טובה זאל ער קומען צו אט דעם קריסט. ער פלעגט בעטען די אנוועזענדע צו אויפשטעלען זיך פאר איהם.

דער קריסט פלעגט האלטען א קורצע רעדע. ער האט אויסגע־דריקט צופרידענהייט וואס אידען פון רוסלאנד און פון רומעניע זענען געקומען קיין קאנאדע. ער האט זיי פארזיכערט, אז זייער פרייהייט און זעלבסטשטענדיג־קייט וועט שטארק רעספעקטירט ווערען. ער האט געראטען אז מען זאל וואס גי־כער זיך נאטוראליזירען און ווערען בירגער פון דער פרייער קאנאדע.

צווישען די אנדערע רעדנער איז געווען א לאיער. אויך פאר איהם האבען די אנוועזענדע זיך אויפגעשטעלט. א לאיער איז אין יענער צייט געווען א גאנ־צער יחסן. די צאהל פון די אידישע לאיערס איז נאך געווען קליין. אין די אויגען פון די איינגעוואנדערטע אידען האט ער אויסגעזעהן ווי אן אריסטאקראט. מען האט געקאנט לייכט דערקענען, אז דאס איז א מענש וואס פארנעהמט זיך מיט אן איידעלער, ניט־פיזישער ארבייט.

צום לאיער האט מען זיך צוגעהערט מיט גרויס דרך ארץ און אויפמערק־זאמקייט. זיין אידיש איז געווען ניט אזא גלאטער. ער פלעגט רעדען וועגען קא־נאדע, וועגען די גרויסע מעגליכקייטען פאר יעדען איינעם; ער פלעגט שילדערען ווי גרינג עס איז פאר יעדען איד צו שיקען זיינע קינדער אין היי־סקוהל און נאכ־דעם אין אוניווערזיטעט.

ווען ער פלעגט רעדען וועגען אוניווערזיטעט פלעגט ער געבען א ביישפיל פון זיך אליין. זיינע עלטערען זענען אימיגראנטישע אידען. . . דער טאטע איז געווען אין אנפאנג אן ארבייטער. . . די מאמע בענשט ליכט אלע פרייטאג־צו־נאכט. דער טאטע איז אבער געווען פראקטיש. . . האט זיך שנעל איינגעבירגערט. . . שנעל ארויסגענומען „סיטיזנע פייפערס״. ער האט געראטען די אנ־וועזענדע, וועלכע ער פלעגט אדרעסירען „מיינע טייערע, ליבע און הארציגע פריינד״, אז זיי זאלען אויך האנדלען אזוי פראקטיש ווי זיין טאטע.

די אנדערע רעדנער פלעגען אויך מאכען א שטארקען רושם אויף די אנוועזענדע.

איין רעדנער, וועלכער האט אויך אויסגעזעהן ווי אן אימיגראנטישער איד, פלעגט ציהען א פאראלעל צווישען די שטרענגע זשאנדארען און „אוראדניקעס״ פון רוסלאנד און רומעניע, און די פריינדליכע פאליסלייט אין מאנטרעאל. די פא־ליסלייט אין מאנטרעאל, פלעגט ער באטאנען, שטעלען ניט אפ אידען אין גאס און פרעגען א פאספארט. . . מען דארף ניט קיין פאספארט אין דער פרייער קאנאדע. . . בירגער־פאפירען, פלעגט ער אויספיהרען, זענען אבער נויטיג. . . מיט בירגער־פאפירען קאן מען געהן אומעדום. . . אין פארלאמענט. . . אין לעדזשיסלייטשור און אין סיטי־האל.

ביי אזא מאס־מיטינג פלעגט אויך אויפטרעטען א רעדנער וועלכער פלעגט

רעדען מיט אן אראטארישען שטעל נוצענדיג אזעלכע ווערטער וועלכע שרייבער פלעגען נוצען אין זייערע בראשורען און ביכער פון יענער צייט, ווי למשל: צי—ווי—לי—זאצ—יאן, ע—מאנצי—פאצ—יאן, קאנ—סטי—טוצ—יאן —, אסי—מילא—ציאן, נאצי—אנא—ליזמוס, ציו—ניזמוס און אזוי ווייטער.

דער דאזיגער רעדנער פלעגט אין זיין רעדע דערמאנען גרויסע פערזענליכ־קייטען: שפינאזא... דיזראעלי... משה מאנטעפיארע... דר. הרצל... באראן גינזבורג... קאפיטאן דרייפוס... דזשייקאב שיף... מאקס נארדוי... ער האט גערעדט געגען אסימילאציע, „מה יפית" פאליטיקער, געפאדערט אז אין רוסלאנד זאל זיין א „קאנסטיטוציאן" פון פרייהייט און גלייכהייט, אטאַ־קירט די שונאים פון קאפיטאן דרייפוס אין פראנקרייך, אנגעוויזען, אז די זעל־ביגע מענשען זענען אויך שונאים פון „עמאנציפאציאן", רענעסאנץ" און „הור־מאניטעט". ער האט דערמאנט, אז ווען נים דיזראעלי וואלטען די ענגלענדער נים געהאט קיין בריטישע אימפעריע. ער האט גראטולירט די איינגעוואנדערטע אידען פון רוסלאנד דערפאר וואס זיי זענען געקומען אין לאנד וואו עס זענען ני־טא קיין פורישקעוויטשעס און קרושעוואנס... אין קאנאדע, פלעגט ער אויס־פיהרען, דארפען אידען זיך נאטוראליזירען כדי צו קריגען „רעפרעזענטאציאן" אין סיטי־האל, אין לעדזשיסלייטשור און אין פארלאמענט.

דער דאזיגער רעדנער פלעגט אויף די איינגעוואנדערטע אידען מאכען א שטארקען רושם. נאך אזא מאס־מיטינג פלעגען האלב־אויסגעגרינטע אידען אונ־טערשרייבען אפליקאציעס צו ווערען בירגער.

דער ערשטער וויכטיגער רעזולטאט פון אט דער פאליטישער טעטיגקייט איז פארצייכענט געווארען אין 1912, ווען א אידישער געשעפטסמאן, אברהם בלומענטאל, איז נאמינירט געווארען פאר אן אלדערמאן־קאנדידאט.. עס זענען שוין געווען געגנוג אידישע וועהלער צו אויסקלייבען דעם ערשטען אידישען אל־דערמאן אין מאנטרעאל. דערמיט איז געבויט געווארען דער פאליטישער וועג דורך וועלכען עס איז מיט עטליכע יאהר שפעטער, דער איד פיטער בערקאוויטש ערוועהלט געווארען צום לעדזשיסלייטשור אין קוויבעק, און נאכדעם, דער איד ס. וו. דזשייקאבס ערוועהלט געווארען צום פעדעראלען פארלאמענט.

# אַקאַדעמישער אַנטיסעמיטיזם

ווען דער ערשטער אידישער אַלדערמאַן איז ערוועהלט געוואָרען אין 1912 האָבען זיך מאָנטרעאַלער אידען געפרעהט. דער אידישער אַלדערמאַן, האָט מען גערעכענט, וועט פאָדערען אין סיטי האָל, אַז די פּאָליציי זאָל אַנווענדען שטרענגע מיטלען אָפּצושטעלען דעם בויאַנישען אַנטיסעמיטיזם. עס איז טאַקע אַזוי געווען.

אַבער עס איז געווען אַן אַנדער סאָרט אַנטיסעמיטיזם, ניט קיין בויאַנישער, נאָר אַן „אינטעלעקטועלער“, אַן אַקאַדעמישער.

עס איז געווען דער אַנטיסעמיטיזם פון אַ קליינער גרופּע קאַנאַדיש־פראַנצויזישער אינטעליגענץ. דאָס איז געווען אַ גרופּקע פון קאָנסערוואַטיווע אולטראַ־נאַציאָנאַליסטען.

די אימיגראַנטישע אידען אין מאָנטרעאָל האָבען פון אָט דעם סאָרט אַנטיסעמיטיזם ווייניג געוואוסט. זיי האָבען איהם ניט געפיהלט.

אויך די ברייטע שיכטען פון דער קאַנאַדיש־פראַנצויזישער באַפעלקערונג האָבען נישט געוואוסט פון אָט דעם סאָרט אַנטיסעמיטיזם. די איינגעוואַנדערטע אידען האָבען אין דעם אימיגראַנטישען פעריאָד באַגעגענט אַ סך גאַסט־פריינדליכקייט ביי די פראַנצויזען אין די שטעט און שטעטלאַך פון קוויבעקער פּראָווינץ. ווען אימיגראַנטישע אידען פלעגען ארומגעהן פּעדלען אין די דערפער פלעגען זיי מערסטענס געהן אין אַזעלכע דערפער, וואו עס וואוינען נאָר פראַנצויזען. די פראַנצויזישע פּעדלערס פלעגען אויפנעמען די אידען פריינדליך און האַנדלען מיט זיי אויף שטום־לשון. די פראַנצויזען פלעגען טאָן אַלץ וואָס איז מעגליך צו פאַרלייכטערען די שווערע אַרבייט פון די פּעדלערס. צוליב אָט דער גאַסט־פריינדליכקייט און קאָאָפּעראַציע האָבען פילע פּעדלערס נאָך אַ קורצער צייט פּעדלען איבער די דערפער, זיך געקאָנט איינאָרדענען אין אַ שטעטעל, דאָרט עפענען אַ סטאָר און וואוינען צווישען פריינדליכע שכנים.

אַבער, ווי געזאָגט, עס איז געווען אַ קליינע גרופּע קאָנסערוואַטיווע נאַציאָנאַליסטען אין קוויבעקער פּראָווינץ, וואָס איז געווען אַנטיסעמיטיש. די דאָזיגע גרופּע איז באַווירקט געוואָרען ניט פון אינערליכע, נאָר פון אויסערליכע איינפלוסען, דער עיקר פון די עקסטרימע רעאַקציאָנערע ריכטונגען אין פראַנקרייך.

די אַקאַדעמישע אַנטיסעמיטען אין קוויבעקער פּראָווינץ פלעגען זיך פאַרנעהמען מיט שרייבען אַנטי־אידישע אַרטיקלען אין וואָכענבלעטער, וועלכע פלעגען ערשיינען אונטער פאַרשיידענע נעמען אין מאָנטרעאָל און אין קוויבעק־סיטי. די דאָזיגע סאָרטען בלעטלאַך האָבען אַנגעהויבען עקזיסטירען נאָך אין די זיבעציגער יאָהרען. מען פלעגט שרייבען אין זיי אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען אפילו נאָך איידער עס איז געווען אַ באַדייטענדע אידישע באַפעלקערונג אין קאַנאַדע.

איינע פון אָט די סאָרטען אַנטיסעמיטישע וואָכענבלעטער איז געווען „לאַ

קרוא'' (דער צלם), וואס איז ערשינען אין מאנטרעאל און האט צירקולירט איבער דער פראווינץ.

די שרייבער פון „לא קרוא'' און פון אנדערע אזעלכע סארטען וואכענבלעטער האבען פרעטענדירט, אז זיי פארטיידיגען דעם פרעסטיזש און אויטאריטעט פון דער קאטוילישער קירך. זיי האבען געהאלטען, אז דער פרעסטיזש פון דער קאטוילישער קירך ווערט אפגעשוואכט צוליב דעם קולטורעלען רענעסאנס און צוליב דער אינדוסטריעלער רעוואלוציע אין אייראפא. זייענדיג קאנסערוואטיוו האבען זיי שטארק מורא געהאט פאר דער דעמאקראטישער פאליטיק אין מערב־אייראפא און פאר די ליבעראלע אידעאלען, וועלכע זענען פארשפרייט געווארען פון די מאדערנע פאליטישע באוועגונגען אין יענער צייט.

אין קאנאדע האבען אט די קאנסערוואטיווע עלעמענטען שטארק באקעמפט די ליבעראלע איינפלוסען פון סיר ווילפריד לאריע, וועלכער האט אויפגעלעבט די ליבעראלע פארטיי אין קוויבעקער פראווינץ. זיי האבען זיך געשראקען פאר די אייראפייאישע איינוואנדערער, טאמער וועלען זיי ברענגען שעדליכע פאליטישע און קולטורעלע איינפלוסען. זיי זענען געווען פארביסענע געגנער פון אימיגראציע. צוליב דעם וואס עס איז געווען א גרויסע אידישע אימיגראציע זענען זיי געווארען נאך מעהר אנטאגאניסטיש צו אידען.

דעם שטארקסטען איינפלוס האבען געהאט אויף זיי די עקסטרעמע רעאקציאנערען פון פראנקרייך, וועלכע מען האט אין יענער צייט גערופען „די פאפיסטען''.

די אורזאך ווארום מען האט זיי גערופען „פאפיסטען'' איז געווען דערפאר, ווייל מען פלעגט אויף זיי זאגען, אז בעת זיי פרעטענדירען צו פארטיידיגען די קאטוילישע קירכע, האנדלען זיי ווי זיי וואלטען געווען פאפסטליכער פון דעם פאפסט.

דער „אינטעלעקטועלער'' פיהרער פון די „פאפיסטען'' אין פראנקרייך איז געווען עדוארד דרומאן, דער רעדאקטאר פון „ליברע פאראל'' (דאס פרייעווארט).

די אנטיסעמיטישע ארטיקלען פון עדוארד דרומאנ'ס „ליברע פאראל'' פלעגט מען איבערדרוקען אין די אנטי־אידישע זשורנאלען און צייטשריפטען פון פארשיידענע לענדער. א צייט איז ער געווען דער דענקער און טעארעטיקער פון אנטיסעמיטיזם. ער איז געווען א ביטערער שונא פון תלמוד און פון אלע גייסטיגע ווערטען, וואס אידען האבען געשאפען. אין דעם גייסט פון אידישקייט האט דרומאן געזעהן א געפאר פאר קאנסערוואטיזם און רעאקציע. ער האט געזעהן אין וועלט־אידענטום א שטארקען כוח פאר ליבעראליזם, וויסענשאפט און קולטורעלע ענטוויקלונג.

די קליינע גרופע „פאפיסטען'' און עקסטרעמע אנטי־ליבעראלען אין מאנטרעאל האבען געלייענט דעם „ליברע פאראל'' און איבערגעדרוקט דרומאנ'ס ארטיקלען אין זייערע וואכענבלעטער.

די דאזיגע וואכענבלעטער האבען ניט געהאט קיין סך לייענער. אויף די

בריטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג האָבן זיי, ווי געזאָגט, געהאַט אַ שוואַכן איינפלוס.

אין דעם אימיגראַנטישן פעריאָד, ווען סער ווילפריד לאָריע איז געווען דער פרעמיער פון קאַנאַדע, זענען די „פּאַפּיסטן" געווען אַ זעהר קליינע מינאָריטעט אין קוויבעקער פּראָווינץ. די גרעסטע מאַיאָריטעט פון די קוויבעקער פראַנצויזישן האָבן זיך מיט ענטוזיאַזם אַנגעכאַפּט אין דעם עכטן ליבעראַליזם וועלכן לאָריע האָט צו זיי געבראַכט.

אימיגראַנטישע אידן האָבן שטאַרק געפיהלט דעם ליבעראַליזם פון סער ווילפריד לאָריע. אין „קענעדער אדלער" פלעגט מען אָפט שרייבן וועגן זיין ליבעראַליזם און פריינדשאַפט צו אידן און צו אַנדערע אונטערדריקטע ראַסען. אין „קענעדער אדלער" פלעגט מען פון צייט צו צייט אויך דערציילן וועגן די אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען, וועלכע די „פּאַפּיסטן" שרייבן אין „לאַ קרואַ" און אין אַנדערע ענליכע וואָכענבלעטער.

דער „קענעדער אדלער" פלעגט אויך דערציילן וועגן אַנרי בוראַסאַ, דער פיהרער פון די נאַציאָנאַליסטן, וועלכער פלעגט פון צייט צו צייט אַרויסטרעטן געגען אידן. בוראַסאַ׳ס אַנטיסעמיטיזם איז געווען אַ מילדערער, ניט פון דעם דרומאַן סאָרט, אָבער זיין איינפלוס איז געווען אַ גרעסערער און אַ ווירקענדיגער ווי פון די „לאַ קרואַ" שרייבער, אָדער פון שרייבער פון אַן אַנדער וואָכענבלאַט. בוראַסאַ איז געווען אַ לאַנגע צייט הויפּט־רעדאַקטאָר פון „לע דעוואואַר" און איז געווען אַ מיטגליד פון פעדעראַלען פּאַרלאַמענט. ער האָט ניט געוואָלט, אַז דער קאַנאַדער פּאַרלאַמענט זאָל פּראָטעסטירען געגען דעם צאַרישען רעזשים למאַי ער ערמוטיגט פּאָגראָמען אויף אידען אין רוסלאַנד.

פון דעם אַקאַדעמישען אַנטיסעמיטיזם האָבן געוואוסט נאָר אַזעלכע אידען, וועלכע האָבן געקאָנט לייענען פראַנצויזיש. קיין סך אַזעלכע אידען זענען דאַן ניט געווען. עס זענען געווען די עטליכע אידישע לאָיערס, וועלכע האָבן זיך דאַן אינטערעסירט מיט אידישע געזעלשאַפטליכע אַנגעלעגענהייטען, ווי ס. וו. דזשייקאָבס, פּיטער בערקאָוויטש, לואי פיטש, מאַרקוס ספּערבער און עס זענען געווען שרייבער אין „קענעדער אדלער", וועלכע פלעגען רעאַגירען איבער די אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען אין אָט די וואָכענבלעטער.

# דער אַנגריף אויפ׳ן תלמוד

דער איינפלוס פון „אַקאַדעמישען אַנטיסעמיטיזם״ איבער׳ן לאַנד אין דעם אימיגראַנטישען פעריאָד איז טאַקע געווען קליין, אָבער אידישע פאַרשטעהער, וועלכע האָבען געקאַנט לייענען די אַנטיסעמיטישע וואָכענבלעטער אין קוויבעק און מאַנטרעאל זענען געווען באַזאָרגט. זיי האָבען זיך געשראָקען, אַז מיט דער צייט קאָן זייער איינפלוס ווערען שטאַרקער און אפילו געפערליך.

עס איז נאַטירליך געווען שווער צו באַקעמפען די „אַריסטאָקראַטישע״ אַנטי־סעמיטען. עס איז ניט געווען קיין געזעץ וואָס זאָל פאַרבאָטען דעם אקאדעמישען אַנטיסעמיטיזם, ניט אין קוויבעקער פראָווינץ און ניט אין לאַנד בכלל.

נאָר אין 1910 האָט פאַסירט אַ פאַל צוליב וועלכען דער אַקאַדעמישער אַנטי־סעמיטיזם איז מיט דריי יאָהר שפּעטער „געטשאַלענדזשד״ געוואָרען אין געריכט.

אין אָט דעם פאַל, אגב, איז דער אַקאַדעמישער אַנטיסעמיטיזם געווען מעהר ווי אַקאַדעמיש. עס האָט זיך געגרעניצט מיט פּאָגראָם־העצעס.

עס האָט פּאַסירט אין קוויבעק סיטי. אַ דאָרטיגער איינוואוינער, דער נאָטאַרי פלאַמאַנדאָן, האָט אין מערץ 1910 געהאַלטען אַ פאָרטראַג וועגען אידען. ער האָט גערעדט פאַר אַ קאַטוילישען עולם און געמאַכט אַ שטאַרקע אַטאַקע אויפ׳ן תלמוד. ער האָט אַרויסגעבראַכט, אַז דער תלמוד הייסט די אידען באַקעמפען די קריסטען און אַז די אידען פון דער גאַנצער וועלט — אויך די קוויבעקער — לעבען לויט די געבאָטען פון תלמוד און זיי האַסען די קריסטען.

דער דאָזיגער פאָרטראַג איז איבערגעדרוקט געוואָרען אין דער קוויבעקער אַנטיסעמיטישער וואָכענבלאָט „ליברע פאַראָל״. נאָכדעם האָט דער אַרויס־געבער פון וואָכענבלאַט אָפּגעדרוקט די רעדע אין אַ ספּעציעלען פּאַמפלעט. דער פּאַמפלעט איז צירקולירט געוואָרען אין קוויבעק און אומגעגענד.

צו די איינוואוינער פון קוויבעק איז פלאַמאַנדאָן געווען באַקאַנט פאַר אַ פאַנאַטישען „פּאַפּיסט״, אַ שטאַרקער אַנהענגער פון עדוואַרד דרומאָן, דעם אַנטי־סעמיטישען טעאָרעטיקער פון פראַנקרייך. זיין פאָרטראַג וועגען תלמוד איז טאַקע גענומען געוואָרען פון דרומאָנ׳ס אַרטיקלען אין אַנטיסעמיטישע זשורנאַלען און ביכער. אין יענער צייט איז דרומאָן געווען באַקאַנט אין די אַנטיסעמיטישע קרייזען פון אַלע לענדער אַלס „אויטאָריטעט״ וועגען תלמוד און אידישקייט. ער איז געווען דער פיהרער פון די רעאַקציאָנערען און אַנטי־רעפּובליקאַנער אין פראַנקרייך.

די שטאַרקסטע שטעלען געגען תלמוד אין פלאַמאַנדאַנ׳ס פּאַמפלעט זענען געווען:

„דער תלמוד הייסט אידען זיך באַציהען צו קריסטען ווי צו געצענדינער״.

„דער תלמוד ערלויבט אידען צו שענדען קריסטליכע פרויען״.

„דער תלמוד גיט אידען א פרייע האנט צו נארען קריסטען אין מסחר און צו רייסען פון זיי הויט-שינדערישע פראצענטען״.

„דער תלמוד ערלויבט אידען מארדען קריסטען. אויב א איד הרג׳עט א קריסט און זיין געוויסען איז אומרואיג, זאגט דער תלמוד, אז דער איד דארף טראכטען, אז ער האט דער׳הרג׳עט ניט א מענשען נאר א בהמה, וועט זיך זיין געוויסען בארואיגען״.

ווען אט דער פאמפלעט האט זיך גענומען פארשפרייטען צווישען קריסטען האבען קוויבעקער אידען דערפיהלט, אז קריסטליכע שכנים מיידען זיי אויס, אז קריסטליכע קונים קומען וועניגער אין זייערע געשעפטען.

אויף די גאסען האבען יונגע קריסטליכע בחורים באליידיגט אידען און אויך געגעבען קלעפ.

ווען א פאליסמאן האט ארעסטירט א בחור פאר שלאגען א אידען האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער שלעגער איז אנגעשטעלט אין דער קאטוילישער וואכענ־בלאט „ל׳אקסיאן סאסיאל״, וואס איז רעדאגירט געווארען פון דעם גייסטליכען עבי ד׳אמור.

יונגע בויאנעס זענען באפאלען די שוהל בעת מען האט געדאווענט, געווארפען שטיינער און צובראכען שויבען.

קוויבעקער אידען זענען געווארען אלארמירט. אין מאנטרעאל זענען אידישע כלל-טוער געווארען באאומרואיגט. מען האט געפיהלט, אז לענגער קאן מען ניט שווייגען. מען איז געקומען אין בארא‎ן דע-הירש צו א בעראטונג — וואס זאל מען טאן?

מען האט באשלאסען, אז מען מוז געהן אין געריכט; אז מען דארף אנקלאגען די צוויי אנטיסעמיטען, לעדוק און פלאמאנדאן, אין פארלוימדונג.

די אויפגאבע צו פיהרען דעם פראצעס געגען די צוויי אנטיסעמיטען איז געגעבען געווארען צו ס. וו. דזשייקאבס, וועלכער איז דאן געווען איינער פון די וויכטיגסטע יוריסטען אין מאנטרעאל.

אויסער א וויכטיגער יוריסט איז מר. דזשייקאבס געווען א וויכטיגער אידישער כלל-טוער, א לייטענדע פיגור אין בארא‎ן דע-הירש און אן אנגעזעהענער טוער אין דער ליבעראלער פארטיי. פרעמיער ווילפריד לאריע האט איהם גוט געקאנט און געוואלט, אז ער, דזשייקאבס, זאל זיצען אין פארלאמענט צו סימבא־ליזירען אידישע פארטרעטערשאפט. מיט עטליכע יאהר שפעטער איז ער ער־וועהלט געווארען און געווען דער ערשטער אידישער דעפוטאט אין פעדעראלען פארלאמענט.

מר. דזשייקאבס איז געווען דער הויפט־אדוואקאט פאר דעם אידישען צד. א צווייטער אדוואקאט פאר די אידען איז געווען לואי פיטש.

מר. פיטש איז געווען פון די ערשטע אידען צו גראדואירען דעם מעקגיל אוניווערזיטעט מיט א גאלדענעם מעדאל און מיט א סקאלערשיפ. צו די איינ־געוואנדערטע אידען איז ער געווען באוואוסט ניט בלויז פאר א יוריסט, נאר

פאַר אַ וויכטיגע פיגור אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. פאַר אַ לאַנגע צייט איז ער געווען וויס־פּרעזידענט פון דער קאַנאַדער ציון־אָרגאַניזאַציע, אַ גלענצענ־דער רעדנער ביי ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען.

פאַר דעם אידישען צד איז אויך אויפגעטראָטען אַ באַוואוסטער קוויבעקער אַדוואָקאַט ל. קענען, אַ לאַא־שותף צו אַלעקסאַנדער טאַשערא, וועלכער איז פאַר אַ משך פון יאָהרען געווען פּרעמיער פון קוויבעקער פּראָווינץ.

די אָנקלאַגעס זענען געמאַכט געוואָרען פון צוויי קוויבעקער אידען, געשעפטס־לייט, אָרטענבערג און לאַזאַראָוויטש. זיי האָבען געמאַנט $500 שאָדענערזאַץ פאַר דעם שאָדען וואָס זיי האָבען געליטען צוליב די איינפלוסען פון דעם אַנטי־סעמיטישען פּאַמפלעט, וועלכען פלאַמאָנדאָן האָט געשריבען און לעדוק האָט גע־דרוקט.

אין דער צייט ווען דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען איז קוויבעק געווען שטאַרק צוטיילט. איין טייל האָט געהאַלטען מיט די אידען, אַ צווייטער טייל מיט די אַנטיסעמיטען.

אין די קרייזען פון ליבעראַלען האָט מען סימפּאַטיזירט מיט דעם אידישען צד. אין די רעאַקציאָנערע קרייזען האָט מען אַרויסגעוויזען אַ סימפּאַטישע באַ־ציאונג צו די אַנטיסעמיטען.

ווען דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבען האָט ראובן ברײַנין געשריבען אין „קענעדער אדלער“:

„די האַנדלונג צו אָנקלאַגען די אַנטיסעמיטען, סימבאַליזירט די אויסגלייכונג פון דעם אידישען גלות־רוקען. די האַנדלונג ווייזט, אַז אידען בויגען זיך ניט מעהר פאַר זייערע שונאים, אַז זיי בעטען ניט רחמים ביי זייערע פאַרלוימדער און פאַרענטפערען זיך ניט פאַר די, וועלכע טראַכטען אויס בלבולים אויף זיי, נאָר זיי שלאָגען אויף צוריק. זיי האַנדלען ווי ווירדיגע שטאָלצע מענשען מיט זעלבסט־רעספּעקט. זיי ברענגען די אַנטיסעמיטען צו דער עפענטליכקייט, רייסען אַרונ־טער פון זיי די פּרומע מאַסקעס און שטעלען זיי אַוועק אין זייער אמת׳ער ליכט, די וועלט זאָל זעהן, אַז זיי זענען קליינע אומווירדיגע נפשות, וועלכע באַנוצען זיך מיט ליגענס און פעלשונגען צו דערגרייכען זייערע אונמענשליכע און אַנטי־סאָציאַלע צילען“.

* * *

דער פּראָצעס געגען די צוויי אַנטיסעמיטען, לעדוק און פלאַמאָנדאָן, האָט זיך אָנגעהויבען דעם 19־טען מאַי, 1913, אין קוויבעקער סופּעריאָר געריכט. דער אינטערעס אין דעם דאָזיגען פּראָצעס איז געווען אויסערגעוועהנליך שטאַרק סיי אין דער פּראָווינץ סיי איבער׳ן לאַנד.

אפילו אין די ניט־אידישע קרייזען האָט מען אָנגענומען, אַז דער פּראָצעס טראָגט אַ היסטאָרישען כאַראַקטער.

דער דאָזיגער פּראָצעס, האָט מען געפיהלט, איז ניט בלויז צווישען צוויי אָנ־קלעגער, אָרטענבערג און לאַזאַראָוויטש און צוויי אָנגעקלאָגטע, לעדוק און פלאַ־

מאנדאן, נאר דא קומט פאר א משפט צווישען דער אידישער געמיינדע פון איין זייט, די אנטיסעמיטישע געזעלשאפט פון דער אנדער זייט.

סיי אין אידישע, סיי אין נים־אידישע קרייזען האט מען אנגענומען, אז עס איז א פראצעס צווישען תלמוד און זיינע פארלוימדער און בלבול־מאכער, צווישען ליבעראליזם און פינסטערער פאנאטיזם; מען האט געפיהלט, אז עס איז א פראצעס וואס דארף ענטשיידען אויב מען מאג אדער מען טאר נים העצען עפענטליך געגען דעם נייעם אידישען ישוב אין קאנאדע און פארשפרייטען אלערליי ליגענס און בלבולים געגען די איינגעוואנדערטע אידען, כדי צו מאכען שווערער פאר זיי צו איינארדענען זיך אין דער לאנד וואס האט זיי פריינדליך אויפגענומען.

פאר די ניט־אידען אין קוויבעקער פראווינץ האט דער דאזיגער פראצעס סימבאליזירט דעם דראמאטישען קאנפליקט צווישען די רעאקציאנערע, עקסטרים־קאנסערוואטיווע עלעמענטען און צווישען די ליבעראלען, וועלכע האבען שוין דאן געהאט א שטארקען אנהאלט אין דער פראווינץ, אונטער דער פיהרערשאפט פון סיר ווילפריד לאריע וועלכער האט אריינגעבראכט דעם ליבעראליזם צו די קוויבעקער פראנצויזען.

דאס געריכט האט באדארפט ענטפערען אויף צוויי פראגען: ערשטענס אויב ס'איז אמת, אז דער תלמוד לערענט אידען פיינט־האבען, אפנארען און אפילו מארדען קריסטען און צווייטענס — אויב אן איינצעלנער איד קאן מאהנען שאדענערזאץ ווען מען אטאקירט דאס גאנצע פאלק און דער באטרעפענדער יחיד ווערט ניט אנגערופען ביים נאמען.

די אנטיסעמיטען האבען געבראכט עדות־עקספערטען צו ווייזען, אז אלץ וואס זיי האבען געשריבען און געדרוקט וועגען תלמוד איז אמת. די עדות זענען געווען דריי גייסטליכע, „עבי'' ד'אמור, „עבי'' נאדא און „עבי'' גראנדבוא. זיי האבען אויך אויסגעדריקט זייערע מיינונגען וועגען אידען בכלל און איינער פון זיי האט פארבונדען די אידישע אמונה מיט ריטועלען מארד.

דער אידישער צד האט אויך געבראכט עקספערטען וועגען תלמוד. דער הויפט־עקספערט־עדות איז געווען ראבאי דר. ה. אבראמאוויטש. א צווייטער וויכיגטער עקספערט־עדות פאר'ן אידישען צד איז געווען רעוו. פ. ג. סקאט, רעקטאר פון דער אנגליקאנער סט. מאטיוס קירכע אין קוויבעק.

אלע עקספערט־עדות פאר'ן אנטיסעמיטישען צד האבען זיך געשטיצט אויף דעם פראנצויזישען אנטיסעמים־טעארעטיקער עדווארד דרומאן. אויך פלאמאנדאן האט זיך געשטיצט דער עיקר אויף דרומאן.

פלאמאנדאן האט דערקלערט אויפ'ן עדות־שטול, אז ער אליין קאן נים קיין העברעאיש, אז אלץ וואס ער ווייסט וועגען תלמוד האט ער געלערענט ביי דרומאן און לאמארק, די צוויי פראנצויזישע טעארעטיקער וועגען אידישקייט. ער האט געזאגט, אז ער גלויבט אלץ, וואס דרומאן האט געשריבען וועגען תלמוד און וועגען אידען.

אין געריכט האט פלאמאנדאן ערקלערט, אז ער האט דעם רעפעראט געהאל־

טען ניט אויף זיין אייגענער איניציאטיוו, נור אזוי האבען פארלאנגט דער גייסטליכער פון סט. ראש קירכע און די מיטגלידער פון קאטאלישען שארעס־קלוב וואו ער האט דעם פארטראג געהאלטען.

דער גלח גראנדבוא האט גערעדט ווי אן עקספערט־היסטאריקער, קענער און אויטאריטעט איבער תלמוד, אידישע געשיכטע און אידישקייט.

אין תלמוד, האט ער ערקלערט, איז פאראן א גמרא „עבודה זרה" און אט די גמרא איז פול מיט שנאה צו קריסטען.

אין פארבינדונג דערמיט האט ער דערצעהלט פאלגענדע געשיכטע:

אין דעם יאהר 1590 איז אין ווארשע פארגעקומען אן אסיפה פון רבנים. אויף דער טאג־ארדנונג איז געשטאנען די פראגע וואס זאל מען טהאן מיט דער גמרא „עבודה־זרה". צוליב אט דער גמרא האבען די רבנים זיך געשראקען, ווע־לען קריסטען זיך טשעפען צו אידען. האבען די רבנים באשלאסען, אז מען זאל די גמרא עבודה־זרה איינגאנצען ארויסנעהמען פון ש"ס און מען זאל איהר לערנען אויף אויסוועניג, כדי די קריסטען זאלען ניט האבען קיין באווייזע געגען אידען.

אט די געשיכטע פון גלח גראנדבוא האט געפלאצט אויפ'ן ארט.

אויפ'ן טיש אין געריכט איז געווען א גאנצער ש"ס. די לאיערס פאר'ן אי־דישען צד האבען גרינג איבערצייגט, אז די גמרא „עבודה זרה" איז א טייל פון ש"ס און אז דעם עקספערטס געשיכטע איז ניט אויטענטיש.

די אדוואקאטען פאר דעם אידישען צד, ס. ו. דזשייקאבס, לואי פיטש און ל. קענען, האבען ניט געהאט קיין שום שוועריגקייטען צו צעשלאגען די עקספערט־באווייזע פון די דריי גלחים וועלכע די אנטיסעמיטען האבען געבראכט.

דער גייסטליכער נאדא האט געזאגט, אז אלץ וואס איז געשריבען אין פלא־מאנדאנ'ס פאמפלעט איז אמת. ער האט ערקלערט, אז ער האט שטודירט דעם תלמוד און די ווערק פון דרומאן און לאמארק.

ווען די אדוואקאטען פון דעם אידישען צד האבען איהם גענומען אויף א קרייז־פארהער האט ער צוגעגעבען, אז עס זענען פאראן אויטאריטעטען איבערן תלמוד וועלכע האבען געשריבען פארקערט ווי דרומאן און לאמארק. ווען מען האט איהם געפרעגט אויב ער האט געלייענט יענע אויטאריטעטען, האט ער געענט־פערט אז ניט. ווען מען האט איהם געפרעגט ווארום, האט ער ערקלערט, אז זייענ־דיג א לערער אין א קאטוילישען קאלעדזש פארדינט ער בלויז 100$א יאהר, קאן ער זיך ניט ערלויבען צו קויפען אנדערע ווערק וועגען תלמוד און וועגען אידען.

א דריטער עקספערט־עדות איז געווען דער גייסטליכער ד'אמור, רעדאקטאר פון דער וואכענבלאט „ל'אקסיאן סאסיאל".

„עבו" דאמור האט אויך אנגעריהרט דעם עניך פון ריטועל־מארד. די אידען, האט ער געזאגט, נוצען קריסטליך בלוט פאר רעליגיעזע צוועקען.

ווען מען האט איהם געפרעגט אויב ער ווייסט, אז געוויסע קארדינאלען הא־בען אפגעלייקענט דעם בלבול אז אידען נוצען קריסטליך בלוט פאר ריטועלע צוועקען, האט דער גייסטליכער געזאגט, אז ער ווייסט ניט.

דער זעלביגער עקספערט האט גערעדט וועגען אידישער אויפפיהרונג אין קאנאדע. די אידען, האט ער גע'טענה'ט, זענען שעדליך שוין דערמיט אליין וואס זיי האלטען זיך עקשנות'דיג מיט דער אידישער אמונה און ווילען זיך ניט אויס־מישען מיט דער מאיאריטעט פון דער באפעלקערונג.

דערויף האט אדוואקאט דזשייקאבס געמאכט פאלגענדע איראנישע באמער־קונג: ווי זאלען זיך אידען אויס'שמד'ען, אויף קאטאליקען אדער פראטעסטאנ־טען? . . . לויט דער מיינונג פון עבי ד'אמור וואלטען די אידען אין קוויבעקער פראווינץ באדארפט זיך שמד'ן פאר קאטאליקען . . . בעת אין אנטעריא פרא־ווינץ, וואו די מערהייט איז פראטעסטאנטיש, וואלטען די אידען, הייסט עס, באַ־דארפט ווערען פראטעסטאנטען'' . . .

די באווייזע פון די אנטיסעמיטישע עקספערטען וועגען תלמוד זענען שטארק צעקלאפט געווארען פון די עקספערטען פאר'ן אידישען צד, ראבאי דר. אבראמא־וויטש און רעוו. סקאט.

אין דעם טאג ווען די גייסטליכע האבען געגעבען באווייזע געגען תלמוד האט ראובן ברייניןֹ געשריבען אין זיין עדיטאריעל אין „קענעדער אדלער''.

„וואס טהוט זיך דא?! אין וועלכען יאהרהונדערט לעבען מיר? איצט אין צוואנציגסטען יאהרהונדערט, אין דער פרייער קאנאדע זיצען ריכטער, שטעהען אדוואקאטען און פארהאנדלען די פראגע אויב מיר אידען זענען ניט קיין מענשען־פרעסער, אויב דער תלמוד איז ניט קיין ענציקלאפעדיע פון רויבער און מערדער''.

* * *

אין דעם זעלביגען יאהר ווען אין קוויבעק איז פארגעקומען דער פלאמאנדאן־לעדוק משפט איז אין קיעוו דורכגעפיהרט געווארען דער היסטארישער עלילת־דם־פראצעס געגען מענדעל בייליס.

א גרויסע טייל פון די באווייזען וועגען תלמוד, וואס דעם צאר'ס פראקורארען האבען גענוצט געגען בייליס'ן האבען די לאיערס פאר לעדוק און פלאמאנדאן גענוצט אויך ביים פראצעס אין קוויבעק.

מר. דזשייקאבס, דער הויפט־אדוואקאט פאר'ן אידישען צד, האט טאקע געצויגען א פאראלעל צווישען דעם פראצעס אין קיעוו און דעם משפט אין קוויבעק בעת ער האט געמאכט א סך הכל פון דער קייס פאר'ן געריכט.

אין זיין רעדע האט מר. דזשייקאבס געשילדערט ווי די ציוויליזירטע וועלט איז אויפגעבראכט און דערצארענט געגען דעם צארישען רעזשים פאר זיין אויפ־לעבען דעם בלוט־בלבול געגען אידען און פאר ווידער־אויפגראבען די מיטעל־אלטערליכע באשולדיגונגען געגען תלמוד. ער האט אנגעוויזען, אז די „אנטי־סעמיטישע קייס'' אין קוויבעק איז באזירט אויף די זעלביגע בייזוויליגע בלבולים און פאלשקייטען אויף וועלכע עס שטיצט זיך די קלאגע געגען בייליס'ן ביים קיעווער פראצעס.

מר. דזשייקאבס האט געזאגט, אז דער קוויבעקער פראצעס ריהרט אן יעדען אידען אין קאנאדע. אלע אידען, האט ער באטאנט, ווערען פון די אנטיסעמיטען

באשולדיגט, אז זיי געהערען צו א קרימינעלער סעקטע, וואס דערלויבט זיך צו באשווינדלען און מארדען קריסטען. די אידען פון גאנצען לאנד דערוואַרטען, אז די דאזיגע באשולדיגונג זאל פון געריכט געשטעמפּעלט ווערען פאר פאַלש און פאַרלוימדעריש.

מר. דזשייקאבס האט גערעדט אין א סאַרקאַסטישען טאן וועגען עדוואַרד דרומאן וועמען די „עקספּערטען" פאר די אַנטיסעמיטען האבען באצייכענט אלס געלערנטען אויטאריטעט און סאציאלען דענקער.

„דרומאן איז געווען א זשורנאליסטישער קאמעדיאנט", האט מר. דזשייקאבס געזאגט. ער האט איהם באצייכענט פאר אן „אוואַנטוריסטישען קאַריעריסט", וועלכער האט אויסגענוצט די אַנטי־אידישע שטימונגען ביי אומוויסענדע טעמפּע מענשען ביים דרייפוס פּראצעס צו מאכען זיך א קאַריערע פון פּרעדיגען שנאה און האס צום אידישען פאלק.

* * *

דער הויפּט-עקספּערט פאר דעם אידישען צד איז געווען ראבּיי דר. ה. אבּראמאוויטש. זיין אויפגאבע איז געווען א שווערע און דעליקאַטע. איידער ער איז געפאָרען קיין קוויבעק האט ראבּיי אבּראמאוויטש זיך בּאראַטען מיט הרב צבי הכהן און מיט אנדערע וויכטיגע תלמודיסטען וועגען צוגרייטען אן עקס־פּערטיזע ביים דאזיגען פּראצעס.

אין געריכט האט ראבּיי אבּראמאוויטש געגעבען אן אלגעמיינעם איבערזיכט איבער דעם כאַראַקטער פון תלמוד. ער האט ציטירט א סך שטעלען צו ווייזען, ווי דער תלמוד לערנט אידען צו באהאנדלען קריסטען מיט א ספּעציעלער פריינד־ליכקייט. ער האט אנגעוויזען אויף דער גרויסער מאראלישער ווערט פון דעם תלמוד און די גרויסע ראלע וואס ער האט געשפּילט אין דעם אידישען לעבען אין יענע שווערע תקופות ווען דאס אידישע פאלק איז געווען ארומגערינגעלט מיט שונאים, וועלכע האבען איהם געוואלט פאַרטיליגען.

א שטארקען רושם האט אויך געמאכט דער קריסטליכער גייסטליכער, רעוו. סקאט, וועלכער איז אויפגעטראטען פאר דעם אידישען צד.

רעוו. סקאט האט אויך גערעדט סאַרקאַסטיש וועגען די אנטיסעמיטישע עקספּערטען. זייערע באווייזען וועגען תלמוד, האט ער געזאגט, געהערען צו דער ארכעאלאגיע. נאך מיט הונדערטער יאהרען צוריק, האט ער געזאגט, האט מען אפּגעלייקענט אט די בלבולים אויפ'ן תלמוד און אויף די אידען; מען האט אט די שקרים און בלבולים-באווייזען שוין איינגעפּאקט אין די ארכעאלאגישע קעלערען פון דער געשיכטע פון וואנען די אנטיסעמיטען-עקספּערטען האבען זיי איצט ארויסגעבראַכט פאר'ן קוויבעקער געריכט.

אין יענע טעג זענען די צייטונגען אין קוויבעקער פּראווינץ געווען פול מיט גרויסע אביעקטיווע באריכטען וועגען דעם פּראצעס. די עפּענטליכע מיינונג איז געווען צוטיילט. אין די ניט-אידישע קרייזען פלעגט מען דיסקוטירען: וועלכע

עקספּערטען דאַרף מען גלויבען, „עבי'' נאדא אדער רעוו. סקאט; „עבי'' ד'אַמור אדער ראַבּי אַבּראַמאָוויטש? . . .

אין „קענעדער אדלער'' האָט ראובן בריינין געשריבּען אין זיין עדיטאָריעל, אַז די עקספּערט־באַווייזע פון ראַבּי אַבּראַמאָוויטש האָט אַ גרויסען ווערט. ער האָט באַדויערט וואָס אידישע מאַסען ווייסען ווייניג וועגען תלמוד און אויס־געדריקט טענות צו אידישע „לעקטשורערס'', למאי זיי „לעקטשורען'' וועגען דאַרווין, איבּסען, ניטשע, ספּענסער, קאַרל מאַרקס, טאָלסטאָי, מעטערלינק, אָבּער ניט איבּער'ן תלמוד. בלויז זשיטלאָווסקי האָט אַן איינציג מאָל געהאַלטען אַ פאָרטראַג וועגען תלמוד, האָט ער זיך באַקלאָגט.

* * *

די אַדוואָקאַטען פאַר דעם אַנטיסעמיטישען צד האָבּען נאַטירליך אויך ניט געשוויגען. זייער צאָל איז געווען אַ גאַנץ היבשע. געווען אַדוואָקאַטען האָבּען געפּיהלט, אַז ס'איז זייער פליכט צו פאַרטיידיגען די אַנטיסעמיטישע פּרינציפּען און לאַזונגען פון דרומאָן, לעדוק און פלאַמאַנדאָן.

איינער פון זיי, מוסיע בעדאַרד, האָט גע'טענה'ט: די אידען זענען אַ וועלט־פּראָבּלעם. עס הערשט אַן אייביגע שנאה צום אידישען פאָלק. די שנאה איז אַ נאַטירליכע. אין אַלע לענדער זענען פאַראַן מענשען־גרופּעס וואָס האָבּען פיינט אידען.

אויף דער דאָזיגער טענה האָט מר. דזשייקאָבּס געענטפערט, אַז נאָר פינסטערע און פאַנאַטישע עלעמענטען טראָגען אַ שנאה אויף אידען; אָט די פינסטערע עלעמענטען רייצען די אינסטינקטען פון אָפּגעשטאַנענע מענשען, רייצען זיי געגען הילפלאָזע אידען, צוליבּ געוויסע אַנטי־סאָציאַלע צוועקען.

די אַדוואָקאַטען פאַר דעם אַנטיסעמיטישען צד האָבּען זיך קאָנצענטרירט דער עיקר אויף דעם טעכנישען פּונקט פון געזעץ, אַז אַ יחיד קאָן ניט קלאָגען בעת אַ כלל צו וועלכען ער געהער ווערט אַטאַקירט.

דער דאָזיגער פּונקט איז געווען אַ שטאַרקער. די אַדוואָקאַטען קענען אָבּער פּיטש האָבּען אַרגומענטירט, אַז כאָטש מען האָט ניט אָנגערופען קיינעם ביים נאָמען איז פונדעסטוועגען די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע פון פלאַמאַנדאָן און לעדוק געווען דירעקטירט געגען יעדען איד אין קוויבּעק, איבּערהויפּט ווען די אידישע באַפעלקערונג איז געווען אַ קליינע, 80 אידען אין אַ שטאָט פון 80 טויזענט נפשות.

מר. פּיטש האָט אין זיינע אַרגומענטען ציטירט פאָלגענדיגען ביישפּיל פון דער יוריספּרודענץ:

אין פראַנקרייך האָבּען עקסטרימע אַפּיקורסים געהאַט אָנגעפיהרט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע געגען קלעריקאַלען. האָט זיך געמאַכט אַ פאַל, אַז אַ שרייבּער, אַן אַטעאיסט, האָט אָנגעשריבּען אַן אַרטיקעל געגען אַ געוויסען קאַטוילישען קאָנווענט. ער האָט דאָרט באַשולדיגט, אַז די 800 נאָנעס אין אָנשטאַלט זיינען אויסגעלאַסען. איין נאָנע האָט אָנגעקלאָגט דעם שרייבּער אין פאַרלוימדונג. דער שרייבּער האָט

זיך פאַרטיידיגט, אַז ער האָט ניט אָנגערופּען די אַנקלעגעריז ביים נאָמען דעריבּער קאָן זי איהם ניט קלאָגען. אין געריכט האט די נאָנע געוואונען. מען האט אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט, אַז כאָטש דער שרייבּער האָט אַטאַקירט אַ כלל איז אָבּער די נאָנע געוועז אייגע פון דעם דאָזיגען כלל און זי האָט געליטען.

דער ריכטער פון סופּיריאָר געריכט האָט אָבּער גענומען צו ערנסט די טענה פון די אַדוואָקאַטען פאַר דעם אַנטיסעמיטישען צד. ער האָט דערפאַר אַרויסגעבּראַכט די ענטשיידונג, אַז די אַנקלעגער, אָרטענבּערג און לאַזאַראָוויטש קאָנען ניט קלאָגען ווען דער גאַנצער אידישער כלל ווערט אַטאַקירט. ער האָט צוריקגעוויזען די אידישע תביעות. אָבּער מיט זיין ענטשיידונג האָט זיך דער פּראָצעס ניט געענדיגט. דער אידישער צד האָט אַפּעלירט געגען זיין ענטשיידונג און דער „היסטאָרישער פּראָצעס" האָט זיך אַריבּערגעטראָגען צום אַפּעלאַציאָנס־געריכט, און פון דאָרט איז ערשט געקומען די גרויסע אַנטשיידונג.

# די היסטאָרישע ענטשיידונג

דער פּראָצעס געגען לעדוק און פלאַמאַנדאָן איז פאָרגעקומען אין מאי 1913. די גרויסע ענטשיידונג איז געקומען מיט 19 חדשים שפּעטער, סוף דעצ. 1914.

די גרויסע ענטשיידונג, וואָס איז געווען אַ היסטאָרישער נצחון פאַר'ן אידישען צד איז געקומען פון אַן אנדער געריכט. עס איז געקומען פון דעם העכערען אַפּעלאַציאָנס געריכט און אונטערגעשריבען פון 6 ריכטער.

אין דעם סופּעריאָר געריכט, וואו דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען, האָט דער אידישער צד פאַרלוירען. דער ריכטער האָט אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַ יחיד קאָן ניט מאַהנען ווען דער כלל צו וועלכען ער געהער ווערט אַטאַקירט. דער אידישער צד האָט אַפּעלירט צום העכערען געריכט און דאָרט איז די ענטשיידונג געווען אינגאַנצען אַנדערש.

די 6 ריכטער פון אַפּעלאַציאָנס־געריכט האָבען עקזאַמענירט די באַווייזען וועלכעביידע צדדים האָבען פאָרגעבראַכט אין דעם סופּעריאָר געריכט. זיי האָבען דורכאויס צוריקגעוויזען די גאַנצע „אַנטיסעמיטישע קייס'' און אונטערשטראָכען אין זייער לענגערען אורטייל, אַז לעדוק און פלאַמאַנדאָן האָבען בשום אופן ניט באַגרינדעט זייערע באַשולדיגונגען אויף אידען און אויף דעם תלמוד און אַז זיי האָבען ניט געהאַט קיין שום רעכט צו פאַרשפּרייטען פאַרלוימדונגען געגען דעם אידישען פאָלק אויף אַזאַ אופן וואָס זאָל אַרויסרופען שנאה און האַס געגען די אידישע בירגער. די ריכטער פון אַפּעלאַציאָנס געריכט זענען געווען: סער האָרייס אַרשאַמבאַ, פאָרזיצער; האָנ. ג. וו. טרענהאָלם, האָנ. דזשאָזעף לאַווערן, האָנ. א. ג. קראָס, האָנ. ה. ג. קראַל און האָנ. ל. פּ. פּעלעטיע.

אין דעם אורטייל פון אַפּעלאַציאָנס־געריכט איז ציטירט געוואָרען פלאַמאַנדאָנס בראָשורע און עס איז אָנגעוויזען געוואָרען ווי געוויסע שטעלען אין דער דאָזיגער בראָשורע זענען זעהר געפערליך. דאָס זענען געווען יענע שטעלען אין וועלכע פאַלשע באַהויפּטונגען זענען געמאַכט געוואָרען וועגען תלמוד. די ריכטער האָבען זיך געשטעלט אויפ'ן שטאַנדפּונקט, אַז דער ציל פון די אָנגעקלאָגטע איז געווען ניט בלויז אויסצודריקען אַבסטראַקטע פילאָזאָפישע מיינונגען וועגען תלמוד; אַז זייער כונה איז געווען ניט בלויז צו פיהרען אַן אַקאַדעמישע דעבאַטע איבער די סאָציאַלע איינשטעלונגען פון אידישען פאָלק, נור זיי זענען אויך אויסען געווען וויי־צו־טאָן די קוויבעקער אידען און אויפצוהעצען שנאה און האַס געגען זיי. דאָס קאָן זיי בשום אופן דאָס געזעץ נישט באַרעכטיגען. די אידישע בירגער זענען באַרעכטיגט צו דער פולער פּראָטעקציע וואָס דאָס לאַנד קאָן און דאַרף זיי געבען. די אידען אין קאַנאַדע, ווערט אונטערשטראָכען, געניסען גלייכבאַרעכטיגונג זינט 1838 ווען האָרט איז דערוועהלט געוואָרען צום לעדזשיסלייטשור, און ס'איז דער חוב פון די לאַנד־געריכטען צו באַשיצען זייערע רעכט.

די דאזיגע ענטשיידונג איז, ווי געזאגט, געווען א גרויסער נצחון פאר די קאנאדער אידען, דאס איז געווען א זיג ניט בלויז איבער צוויי מענשען, לעדוק און פלאמאנדאן, נור איבער א היבשער גרופע פון „אקאדעמישע אנטיסעמיטען" אין קוויבעקער פראווינץ. די דאזיגע גרופע האט געוואלט אריבערפלאנצען אין קוויבעק דעם אינטערנאציאנאלען אנטיסעמיטיזם פון דרומאן און לאמארק וואס האט זיך דאן געהאט פארשפרייט אין רעאקציאנערע קרייזען פון א צאהל אייראפייאישע לענדער און איהם געוואלט צושפפען צו דער קאטוילישער קירכע פון דער דאזיגער פראווינץ.

פאר דעם אידישען צד זענען די צוויי אנטיסעמיטען, לעדוק און פלאמאנדאן, ניט געווען וויכטיג. די שטראפען וואס דער אפעלאציאנס געריכט האט אויף זיי ארויפגעלעגט פאר שאדענערזאץ, האט דער אידישער צד זיי מחל געווען. זיי האבען נאך דער גרויסער ענטשיידונג געמאכט דעם אנשטעל, אז זיי זענען ארימע, איינזאמע מענשען און האבען ניט מיט וואס צו צאהלען זייער קנס.

אין דער 19 חדשים צווישען־צייט פעריאדע, — פון זינט דער פראצעס האט זיך אנגעהויבען ביז די גרויסע ענטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען — איז פארגעקומען א גרויסע געשעהעניש וועלכע האט אנגעריהרט און ארומגעכאפט אלע פעלקער און זעהר שטארק געטראפען די אידען פון אייראפע. עס האט אויסגעבראכען דער וועלט־קריג און אריינגעווארפען ס'רוב אייראפעאישע פעלקער אין א העליש פייער. ווען דער אורטייל פון אפעלאציאנס־געריכט איז ארויסגעגעבען געווארען אין דעם פלאמאנדאן פראצעס, איז שוין דער וועלט־קריג געווען אין פולען שוואונג.

* * *

אין דעם יאהר איידער דער וועלט־קריג האט אויסגעבראכען, איז אין קיעוו פארגעקומען דער ביילים־פראצעס. מיט דעם דאזיגען פראצעס, וועלכער איז געווען איייניגע חדשים נאך דעם קוויבעקער פראצעס, האט מען זיך אינטערעסירט אין דער גאנצער וועלט, אויך אין קאנאדע.

דער ביילים־פראצעס האט סימבאליזירט דעם דראמאטישען קאנפליקט צווישען רעאקציע און ליבעראליזם אין אייראפע. דער צארישער רעזשים איז דאן געווען די הויפט־פעסטונג פון רעאקציע אויפ'ן אייראפייאישען קאנטינענט. אבער אויפ'ן רוסישען פאלק האבען שוין געווירקט ליבעראלע איינפלוסען. א גרויסע טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ איז שוין געווען ליבעראליזירט. די רוסישע ליטעראטור איז שוין געווארען א וויכטיגע טייל פון דער אייראפייאישער קולטור. אין דעם ביילים פראצעס האט די רוסישע רעאקציע געקראגען א שטארקען קלאפ. ס'איז אויך געווען א מפלה פאר די אנטיסעמיטען פון אנדערע לענדער.

אין 1913, ווען ס'איז אין קוויבעק אנגעגאנגען דער פלאמאנדאן פראצעס, איז צו די אידען אין מאנטרעאל געקומען א וויכטיגער גאסט — נחום סאקאלאוו. סאקאלאוו'ס באזוך איז געווען א גרויסע געשעהעניש אין דער היגער אידישער קהילה. צום ערשטען מאל, אז אזא וויכטיגער גאסט קומט קיין מאנטרעאל,

מען האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד. מען האָט איהם געפיהרט אין סיטי־האָל וואו ער האָט געקראָגען אַן אָפיציעלע שטאָט־אויפנאַהמע. צום ערשטען מאָל האָט די שטאָט אויפגענומען אָפיציעל אַ ציוניסטישען פיהרער פון אייראָפּע.

סאָקאָלאָוו האָט אדרעסירט אַן אַלגעמיינעם מאָס־מיטינג אין היז־מאַדזשעס־טיס טעאַטער. ער האָט אויך גערעדט ביי אַ פאַרזאַמלונג פון העבּרעאיסטען.

ביים מאָס־מיטינג האָט סאָקאָלאָוו ברייט און אויספיהרליך גערעדט וועגען דער אידישער לאַגע אין אייראָפּע — די אידישע לאַגע אין 1913, אַ יאָהר פאַר דער וועלט־מלחמה.

סאָקאָלאָוו האָט געמאָלען פאָלגענדע בילד וועגען דער אידישער לאַגע אין יענער צייט.

אַנטיסעמיטיזם הערשט אין כמעט אַלע אייראָפּייאישע לענדער. אין אייניגע לענדער באַשטעהען די אַנטיסעמיטען פון בלויז קליינע גרופּעס. אין אַנדערע לענ־דער זענען זיי גאַנצע פּאָליטישע פּאַרטייען.

אין אייראָפּע שטייגט פון איין זייט דער ליבעראַליזם, טעכנישער פּראָגרעס, קולטור און וויסענשאַפט. פון דער אַנדער זייט שטאַרקען זיך די כוחות פון רע־אַקציע, ראַסען־האַס און אַנטיסעמיטיזם.

אין די מערב־לענדער האָט דער אַנטיסעמיטיזם ארויסגערוקט אין פאָדער־גרונד די אידען־פראַגע. געוויסע אידישע גרופּעס ווילען לעזען די אידען־פראַגע דורך אַסימילאַציע, אָבער — דער אַנטיסעמיטיזם לאָזט ניט. די אידען־פראַגע, האָט סאָקאָלאָוו באַטאָנט, מוז און קאָן געלעזט ווערען נאָר דורך אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל.

אין יענער צייט האָבען די גרעסערע ציון־פיהרער, פון דעם סאָקאָלאָוו־שניט, באַדאַרפט קעמפען ניט געגען בריטישען קאָלאָניאַל־אָפיס, ניט געגען דער אַראַ־בישער ליג, נאָר געגען אידישע אַנטי־ציוניסטען וועלכע האָבען געזוכט דעם וועג צו אַסימילאַציע אַנשטאָט צו ארץ ישראל.

וועגען קאַנאַדער אידען האָט סאָקאָלאָוו געזאָגט:

„ביי אונז אין אייראָפּע האָט מען ביז איצט געהאַלטען קאַנאַדע פאַר אַ מדבר בנוגע אידיש־לעבען. אָבער איצט, ווען איך בין דאָ, ווען איך זעה די מענשען וועל־כע שטעהען אין דער שפּיץ פון אייער געזעלשאַפטליכען לעבען זאָג איך, אַז קאַ־נאַדע האָט שוין אַ געזונטן אידישן ישוב פון וועלכען מען קאָן אַ סך דערוואַרטען“.

# קינדער סטרייק געגען אַנטיסעמיטיזם

אין די צוויי יאָהר פאַר דעם אויסברוך פון דער 1914 וועלט־מלחמה האָט זיך די מאָנטרעאַלער אידישע קהילה באַדייטענדיג פאַרגרעסערט.

אין 1912 זענען שוין געווען אַ סך „אויסגעגרינטע" אידען, וועלכע האָבען שוין גערעדט גוט ענגליש, זיך אינטערעסירט מיט לאַנד־פּראָבלעמען און געוואוסט וואָס עס טוט זיך אין די אַנדערע טיילען פון קאַנאַדע.

אין די סקולס פון אידישען געגענד, „דאַפּרין" און „אַבערדין", זענען די אידישע קינדער שוין געווען אין אַזעלכע צאָלען, אַז זיי האָבען אָנגעהויבען מאַיאָריזירען די ניט־אידישע. זענען שוין געווען אומצופרידענע פּראָטעסטאַנטען, וועלכע האָבען עס ניט געוואָלט ליידען.

פון צייט צו צייט פלעגט אָט די אומצופרידענקייט קומען צום אויסדרוק...

איינמאָל האָט טאַקע געטראָפען, אַז אַן אַנטיסעמיטישע באַמערקונג פון אַ לערערין האָט אַרויסגערופען אַ סטרייק פון אידישע קינדער.

דאָס איז געווען אין אַבערדין סקול. אין מערץ 1913 האָבען דאָרט געלערענט אַרום 500 אידישע קינדער.

אַ לערערין האָט געמאַכט אַ באַמערקונג וועגען אידען, וואָס האָט באַליידיגט די אידישע קינדער פון איהר קלאַס. אין צייט פון איבעררייס האָבען זיך די קינדער פון אַלע קלאַסען דערוואוסט וועגען דעם. ספּאָנטאַן איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז מען טאָר ניט פאַרשווייגען.

און די 500 קינדער האָבען אָנגענומען אַ שנעלען באַשלוס צו פּראָקלאַמירען אַ סטרייק.

אין געשלאָסענע רייען האָבען די קינדער, אינגלאַך און מיידלאַך, גרעסערע און קלענערע, אַרויסגעמאַרשירט פון די סקול־צימערען. זיי זענען געגאַנגען צום סט. לואיס פּאַרק, געגענאיבער דער סקול.

די „סטרייקערס" האָבען אָפּגעהאַלטען אַ מאַס־מיטינג, באַשטימט „סטרייק־פיהרער" און אַ קאָמיטעט וואָס זאָל זיין אויטאָריזירט צו רעדען און האַנדלען אין נאָמען פון די קינדער.

עס זענען אָנגענומען געוואָרען צוויי באַשלוסען:

ערשטענס, אַז די קינדער פון אַלע קלאַסען מוזען שטעהן סאָלידאַריש און ניט אומקערען זיך אין סקול ביז דער „סטרייק־קאָמיטעט" וועט הייסען. די וואָס וועלען ברעכען די סאָלידאַריטעט וועלען באַטראַכט ווערען פאַר „סקעבס".

אין יענער צייט האָבען אפילו די קליינע קינדער פון די ערשטע קלאַסען געפיהלט אַ פאַראַכטונג צו אַ „סקעב". די מערסטע קינדער זענען געווען פון אַרבייטער פאַמיליעס.

דער צווייטער באַשלוס איז געווען, אַז מען זאָל פאָדערן, אַז די אַנטי־סעמיטישע לערערין זאָל אָפּגעזאָגט ווערן פון איהר שטעלע.

ראַבביי ה. אַבראַמאָוויטש און ה. וואָלאָפּסקי זענען געקומען „שליכטען" דעם „סטרייק".

זיי האָבען פריהער קאָנפערירט מיט דעם „סטרייק־קאָמיטעט" אין סט. לואיס פּאַרק (די „סטרייק־העדקוואַרטערס"), נאָכהער האָבען זיי אונטערהאַנדעלט מיט די סקול־אויטאָריטעטען.

די סקול־אויטאָריטעטען האָבען „סימפּאַטיזירט" מיט דער אומצופרידענקייט פון די סטרייקענדע קינדער. זיי האָבען אָבער ניט געוואָלט נאָכגעבען זייער פאַרלאַנג אָוועקצושיקען די לערערין. עס וואָלט געשאַפען אַ שלעכטען פּרע־צעדענט. עס וואָלט געמיינט, אַז סקול־קינדער קענען אויספיהרען זאַכען דורך סטרייקס. זיי האָבען פאַרשפּראָכען, אַז זיי וועלען אַביסעל שפּעטער טראַנספע־רירען די לערערין אין אַן אַנדער סקול.

די „פאַרמיטלער" זענען געקומען צוריק צו די „סטרייקערס" און זיי איבער־געגעבען דעם אָנבאָט פון די סקול־אויטאָריטעטען.

אין אָנפאַנג זענען די „סטרייקער" געווען ניט־צופרידען. ראַבביי אַבראַ־מאָוויטש און ה. וואָלאָפּסקי האָבען צו זיי גערעדט בכדי זיי איבערצוצייגען, אַז דער אָנבאָט איז אַ יושר'דיגער אונטער די אומשטענדען און אַז ס'איז אַ זיג פאַר די אידישע קינדער.

די „סטרייקערס" זענען איבערצייגט געוואָרען, אַז זיי האָבען דעם „סטרייק" געוואונען, ספּעציעל נאָכדעם ווי מען האָט זיי פאַרזיכערט, אַז מען וועט ניט „דיסקרימינירען" געגען די אָנפיהרער פון סטרייק.

און אין געשלאָסענע רייען האָבען די קינדער, אָנגעפיהרט פון ראַבביי אַבראַ־מאָוויטש און ה. וואָלאָפּסקי, אריינמאַרשירט אין די קלאַסען.

# אידישיזם און העבּרעאיזם

אין יענער צייט, ווען די אידישע באַפעלקערונג איז געוואַקסען, ווען ס'האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל פון אידישע קינדער אין די אַלגעמיינע סקולס, זענען אויך צוגעקומען אידישע קינדער אין תלמוד תורה, כאָטש דער פּראָצענט פון די קינדער, וואָס האָט געקראָגען אַ אידישע ערציאונג איז נאָך אַלץ געווען זעהר קליין.

אויפ'ן געביט פון אידישער דערציאונג זענען אויך פאָרגעקומען וויכטיגע פאַרבעסערונגען אין די עטליכע יאָהר פאַר'ן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה.

עס האָט זיך אויך אַביסעל אַ הויב־געטאָן דער קולטור ניווא ביי אידען און גרויסע צאָלען אידען האָבען אַרויסגעוויזען אַן אַקטיווען אינטערעס פאַר אידי־שער ערציאונג.

צווישען די משכילים, ציוניסטישע טוער, העברעער, וועלכע זענען אין יענער צייט אַנגעקומען אין לאַנד און געוואָרען טעטיג אין תלמוד־תורה, זענען געווען: יצחק גאָלד, בנימין וויינער און אַנדערע. זיי האָבען פיל מיטגעווירקט צו העכערען דעם ניווא פון נאַציאָנאַל־רעליגיעזער ערציאונג.

אין יענער צייט האָבען שוין אַ סך רעליגיעזע אידען געהאַט גרעסערע פאַרלאַנגען פאַר אידישער ערציאונג. מען האָט זיך ניט באַנוגענט בלויז מיט אויסלערנען זאָגען „קדיש" און זינגען די הפטרה. מען האָט שוין פאַרלאַנגט קענטעניש אין תנ"ך און אידישע געשיכטע. מען האָט שוין אויך אַנגעהויבען לערנען העברעאישע ליטעראַטור.

אין 1912 זענען די פּועלי־ציון שוין אויך געווען אַקטיוו אויפ'ן פעלד פון אידישער ערציאונג.

די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולע האָט זיך געגרינדעט אין 1911. די דאָזיגע שולע האָט אָבער ניט צופרידענגעשטעלט אַלע מיטגלידער פון די פּועלי־ציון. דער שפּראַכען־קאַמף האָט צוטיילט די פּועלי־ציוניסטען אין צוויי ריכטונגען.

איין ריכטונג האָט געהאַלטען — לויט זשיטלאָווסקי'ס שיטה — אַז אידיש איז די שפּראַך פון אידישען פאָלק, דאַרף מען דערפאַר ערציען די קינדער אין אידיש.

אַ צווייטע ריכטונג האָט געהאַלטען, אַז אידיש איז בלויז די מוטער־שפּראַך און די שפּראַך פון די אידען אין גלות. אין ארץ ישראל וועט דאַרפען זיין נאָר העברעאיש. דאָס איז געווען סירקין'ס שיטה.

אָט דער שפּראַכען־קאָנפליקט איז דאַן געווען זעהר אַקטועל. סיי סירקין, סיי זשיטלאָווסקי פלעגען אָפט „לעקטשורען" וועגען דעם שפּראַכען־פּראָבלעם. זשיטלאָווסקי איז געווען דער באַגרינדער פון „אידישיזם" און סירקין — דער טעאָרעטיקער פון העברעאיזם. זשיטלאָווסקי פלעגט זיך שטיצען אויף דעם „אידעאַליזם און רעוואָלוציאָנערע קאַמפען" פון די אידישע מאַסען, וועלכע רעדען

אידיש, און סירקין פלעגט זיך שטיצן אויף דעם „אידעאלן גייסט און סאציאלע לערען" פון די נביאים, וועלכע האבן גערעדט העברעאיש.

אין אנפאנג האט דער דאזיגער שפראכן־סכסוך געטראגן אן אקאדעמישן כאראקטער. אבער ווען מען איז צוגעטראטן צום בויען נאציאנאל־ראדיקאלע קינדער־שולן, איז עס געווארן א שטארק אקטועלער ענין. דאן האבן די פועלי־ציוניסטן געזעהן, אז זיי קאנען זיך ניט אייניגען אויף איין שולע. מען דארף צוויי שולן.

דער רעזולטאט איז געווען, אז אין 1914 האבן די העבראאיסטישע פועלי־ציוניסטן געגרינדעט די אידישע פאלקס־שולע.

אין דער נאציאנאל־ראדיקאלער שולע (איצט פרץ שולע) זיינען די ערשטע לערער געווען וו. בייטמאן און ה. נאוואק. פון די ערשטע לערער אין דער פאלקס שולע זיינען געווען: דר. יהודה קויפמאן, שלמה ווייסמאן, א. ש. זאכער, מ. מיכלין, שלמה גאלד און מ. דיקשטיין.

די בירגערליכע ניט־רעליגיעזע אידען און ארבייטער פלעגן שיקן זייערע מיידלאך אין די ראדיקאלע שולן און די אינגלאך אין תלמוד תורה.

א טייל פון די ראדיקאלע עלטערן פלעגן שיקן אויך זייערע אינגלאך אין דער ראדיקאלער שולע.

א לאנגע צייט האט אויסגעזעהן ווי די ת"ת וואלטן געגרינדעט געווארן ספעציעל פאר אינגלאך און די נאציאנאל־ראדיקאלע שולן ספעציעל פאר מיידלאך.

# קלאָוקמאַכער

א גרויסער טייל פון דער אידישער באפעלקערונג אין די יאהרען 1912-1913 — די צוויי יאהר פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה — איז באַשטאַנען פון שניי־דערס און קלאָוקמאַכערס.

אין מאָנטרעאַל האט זיך דער קלאָוקמאַכער־פאַך אנגעהויבען ענטוויקלען אן ערך מיט 50 יאהר צוריק, דער טרעיד פון מענער־שניידער — א ביסעל פריער.

אין יענעם פעריאָד זענען פרויען געגאַנגען אנדערש געקליידעט ווי היינט; ס'איז געווען מעהר א סוט־מאָדע ווי א דרעס־מאָדע. צו אויפנייען א סוט פאַר א פרוי איז געווען א קאמפליצירטע און איידעלע ארביים.

די קלאָוקמאַכער זענען דעריבער געווען גרויסע יחסנים צווישען די איינגע־וואַנדערטע אידען. אן עלטערער איד פלעגט זיך איבערנעהמען אויב זיין איידעם איז געווען א קלאָוקמאַכער.

אין די ארבייטער־קרייזען זענען די קלאָוקמאַכער געווען די אריסטאָקראַטען. זיי האבען בעסער פאַרדינט, זיך בעסער געקליידט, געגאַנגען אָפטער אין אידישען טעאַטער, געקויפט אָפטער א אידיש בוך און זומער געשיקט די ווייב אין קאַונטרי —אין סט. סאָפי אָדער ניו־גלאַזגאָ.

אינגערע קלאָוקמאַכער האבען פיל שטאָלצירט מיט זייער יוניאָן. אין די אידישע צייטונגען האָט מען אָפט גע̇שריבען וועגען דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. א קלאָוקמאַכער סטרייק אין ניו יאָרק, אָדער פילאַדעלפיע איז דאן געווען ערשט־קלאַסיגע נייעס פאר אלע אידען פון אמעריקע און קאַנאַדע. אין ניו יאָרק איז די קלאָוקמאַכער יוניאָן געשטאַנען אונטער דער פיהרערשאפט פון פראָמינענטע אי־דישע סאָציאַליסטען און געזעלשאפטליכע טוער ווי: ב. שלעזינגער, מאָריס הילקוויט, פראָפעסאָר יצחק אייזיק הלוי הורוויטש, מאיר לאָנדאָן און ל. ד. בראַנ־דעיס. די אינטערנאַשיאָנאַל האט דעריבער געשפּילט א פראָמינענטע ראָלע ניט בלויז אין עקאָנאָמישען נור אויך אין געזעלשאפטליכען און קולטורעלען לעבען פון די ארבייטער צווישען די איינגעוואַנדערטע אידען.

צווישען די אינגערע קלאָוקמאַכער זענען געווען א סך אינטעליגענטע און באוואוסטזיניגע סאָציאַליסטען וועלכע פלעגען געהן צו „לעקטשורס", שטעלען פראַגעס און פאַרפיהרען דעבאַטען מיט די „לעקטשורערס".

די קלאָוקמאַכער זענען שטענדיג געווען גוט אָרגאַניזירט, גוט פאַרדינט, אָבער — קיין רייכע מענשען זענען זיי ניט געווען. בלויז געצעהלטע פון זיי האָ־בען געקאָנט אָפּשפּאָרען גענוג צו קויפען אן אייגען הויז, אָדער צו שיקען זייערע קינדער אין די הײַ־סקוהלס אָדער אוניווערזיטעט.

די קלאָוקמאַכער האבען טאַקע גוט פאַרדינט, אָבער זיי האבען געאַרביים

בלויז אין באשטימטע סעזאנען. צווישען איין סעזאן און א צווייטען זענען זיי ארומגעגאנגען לײדיג, האבען אין דער דאזיגער פעריאדע פארברויכט דאס אפגעשפארטע געלד און זיך אויך פארשולדיגט.

אין די ערשטע יאהרען איז די קלאוקמאכער יוניאן אין מאנטרעאל געווען פארבונדען מיט דער „אינדאסטריעל וואירקערס אוו דהי וואירלד״. די דאזיגע קערפערשאפט איז געווען עקסטרים־ראדיקאל.

צווישען די ערשטע באאמטע פון דער מאנטרעאלער קלאוקמאכער יוניאן זיינען געווען באקאנט ב. ראמבאך, פארזיצער, און ש. לייבענזאן, סעקרעטאר. אין 1912 איז פארגעקומען אן אלגעמיינער סטרייק. די יוניאן האט פארלוירען און איז צוליב דעם שטארק אפגעשוואכט געווארען. דאן האבען קלאוקמאכער אנגעהויבען פארלאנגען, אז די יוניאן זאל איבערגעהן צו דער אינטערנאשיאנאל לײדיס גארמענט וואירקערס יוניאן. דער איבערגאנג איז פארגעקומען. אונטער דער אינטערנאשיאנאל איז די קלאוקמאכער יוניאן ווידער אויפגעלעבט געווארען. א לענגערע צייט איז מיט דער אויפגעלעבטער יוניאן געווען פארבונדען יוסף שוברט אלס גענעראל סעקרעטאר. מיט יאהרען שפעטער האבען זיך אנטוויקלט פראקציאנעלע רייסערייען, צווישען „לינקע״ און „רעכטע״, וועלכע האבען אינגאנצען פאראליזירט די פונקציעס פון דער יוניאן. אין 1934 האט די אינטערנאשיאנאל געשיקט אהער בערנארד שעהן צו רעארגאניזירען די יוניאן און מיט דער הילף פון עטליכע עלטערע קלאוקמאכער איז די יוניאן ווידער אויפגעלעבט געווארען.

# שניידערס

אין 1912 זענען די שניידערס אין מאָנטרעאָל געווען גוט אָרגאַניזירט. די יוניאָן איז נאָר וואָס אויפגעלעבט געוואָרען אויף דער איניציאַטיווע פון עט־ליכע מענשען, דער עיקר פון ה. מ. קייזערמאַן.

קייזערמאַן האָט איינגעוואַנדערט אין קאַנאַדע אין יענער צייט. ווי א סך אנדערע אימיגראַנטען פון רומעניע האָט מען איהם רעקאָמענדירט צו ארבייטען אין אַ שניידער שאָפּ. אין רומעניע איז ער געווען אַקטיוו אין דער סינדיקאַליסטי־שער באַוועגונג. די רעאַקציאָנערע רומענישע רעגירונג האָט דערפאַר געקוקט קרום אויף איהם. זיך פיהלענדיג ניט זיכער מיט זיין פערזענליכער פרייהייט האָט ער פאַרלאָזען דאָס לאַנד און געקומען אַהער און געגאַנגען אין שניידער־שאָפּ.

אין שאָפּ האָט קייזערמאַן באַלד דערזעהן די הילפלאָזיגקייט פון די ניט אָר־גאַניזירטע ארבייטער. ער האָט דערפיהלט די שלעכטע אַטמאָספערע און איז באַלד אַוועק פון שאָפּ צו אָרגאַניזירען די שניידערס, בכדי צו פאַרבעסערען זייער עקאָנאָמישע לאַגע און צו הויבען זייער סאָציאַלען ניוואָ.

קייזערמאַן איז אַוועק אין עלשטיינ׳ס בוך־סטאָר, (א צענטער פון ראַדיקאַ־לע אידעאַליסטען). ער האָט זיך צונויפגערעדט מיט עלשטיינען צו אָרגאַניזירען די שניידערס. א פּאָר וואָכען שפּעטער איז קייזערמאַן שוין געווען דער פיהרער פון אַן אויפגעלעבטער שניידער־יוניאָן.

א פּאָר יאָהר שפּעטער האָט די שניידער־יוניאָן געצעהלט 4,000 מיטגלידער און געפיהרט א גענעראַל־סטרייק וואָס איז געווען איינער פון די שטורמדיגסטע סטרייקס אין דער געשיכטע פון די שניידערס אין מאָנטרעאָל.

אין 1912 האָבען די שניידערס געארבייט אָפיציעל 59 שעה א וואָך. אומ־אָפיציעל האָבען זיי, אין צייט פון סעזאָן, געארבייט פון פינסטער ביז פינסטער.

די שניידערס האָבען פּראָקלאַמירט א קאַמף געגען דער 59 שעה׳דיגער אַר־בייטס־וואָך, ווי אויך געגען אנדערע איבלען. דער סטרייק האָט געדויערט 9 וואָ־כען. דער „קענעדער אַדלער״ האָט דעמאָלט געשריבען, אַז דער סטרייק ריהרט־אָן יעדען דריטען איד אין מאָנטרעאָל.

כדי צו דערמוטיגען די סטרייקערס האָט מען אַראַנזשירט א גרויסען דע־מאָנסטראַציע־מאַרש איבער׳ן שטאָט. עס איז געווען אַן אמת׳ער פּאַראַד, מיט עט־לידכע „בענדס״ מוזיק.

דער „קענעדער אַדלער״ האָט געשילדערט דעם פּאַראַד אזוי:

איינס אזייגער בייטאָג האָט זיך דער פּאַראַד אנגעפאַנגען פון שאָן דע־מאַרס. פאַראויס איז געגאַנגען א „בענד״ מוזיק. עס האָבען נאָכגעפאָלגט טשיף־מאַרשאַל באַרסקי און אסיסטענט־מאַרשאַל אָרענשטיין. נאָך זיי — אַלע מיט־

גלידער פון דעם סטרייק־קאמיטעט, נאכדעם האבן מאַרשירט אַלע פרויען וועל־כע ארבייטען אין דאזיגען טרעיד. דאס איז געווען די ערשטע דיוויזיע פון מאַרש.

די צווייטע דיוויזיע איז באַשטאַנען פון אַלע קאַטערס און ארבייטער פון גאַרדנערס, קעלערטס און וויינבערגס שעפּער. פאראויס איז געגאַנגען אַ צווייטער „בענד"־מוזיק.

די דריטע דיוויזיע איז באַשטאַנען פון די ארבייטער פון פרידמאַן קאַמפּאַני, לעווינסאָנס שאַפּ, סטענדאַרד און סעמי־רעדי שעפּער. די פערטע דיוויזיע — די ארבייטער פון פרידמאַן בראָס., ווינער און האַרט, יוניאַן קלאָדהינג און עלקינ'ס שאַפּ. אין דער פינפטער דיוויזיע האבען מארשירט די ארבייטער פון די קלענערע שעפּער.

דער פּאַראַד האט זיך געצויגען פון שאַן דע־מאַרס דורך סט. דעניס סטריט, ביז שערברוק, צו פּרינץ אַרטור — צו מיין — צו שערברוק — צו ווינדזאָר — צו דארטשעסטער — צו מיין און פון דארט צום „קאַראַניישאַן האל".

אזוי זענען די שניידער געווען מיליטאַנטיש און אַגרעסיוו אין יענער צייט.

די בעלי־בתים זענען דאַן אויך געווען קעמפעריש און אַגרעסיוו. זיי האבען זיך באַמיהט צו ברענגען סטרייק־ברעכער פון אנדערע שטעט.

אַזאַ סאָרט סטרייק פלעגט נאַטירליך ארייננברענגען א היבש ביסעל פאַרביטערטקייט אין געזעלשאַפטליכען לעבען, האט פארשארפט די קלאַסען ־ ליניע צווישען ארבייטער און בעלי־בתים.

עס האָט אויך געפיהרט צו דעם, אז א צאָל קליידער־פאַבריקאַנטען זאָלען זיך אריבערקלייבען אין די קליינע שטעטלאַך פון דער פּראָווינץ, כדי אויסצומיידען יוניאַן־ארבייטער.

דער סטרייק אין 1912 האט זיך געענדיגט מיט א זיג פאר די ארבייטער. די 59 שעה'דיגע ארבייטס־וואָך איז אָפּגעשאַפט געוואָרען. די שניידערס זענען געוואָרען אביסעלע פרייער. זיי האבען געאַרבייט, זינט דאַן, ניט מעהר ווי 49 שעה א וואָך און אנגעהויבען חלומ'ען פון א 44־שעה'דיגע ארבייטס־וואָך. דער טרוים איז פאַרווירקליכט געוואָרען אַ צייט שפּעטער, אין 1919.

אין 1916 האָט די שניידער יוניאַן זיך אנגעשלאָסען אַן דער „אַמאַלגעמייטעד קלאָדהינג וואָירקערס אָוו אַמעריקאַ". ביז דאַן איז זי געווען פאַרבונדען מיט דער „יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס יוניאַן אָוו אַמעריקאַ", וואס איז אַ טייל פון דער „אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר".

דעם גרעסטען און פאַרביטערטסטען סטרייק וואס די „אַמאַלגעמייטעד" האט דורכגעפיהרט אין מאָנטרעאַל, איז געווען דער גענעראַל סטרייק אין 1917.

# ערב דעם וועלט־שטורם

איידער עס האט אויסגעבראכען די וועלט־מלחמה אין 1914 איז שוין אין מאנטרעאל געווען א וויכטיגע אידישע קהילה מיט א גרויסע צאל שוהלען, פילאנטראפישע ארגאניזאציעס, קולטור - אינסטיטוציעס, איינצע אידישע בוכ־האנדלונגען און אלע אידעאלאגישע גרופירונגען פון יענער צייט.

אין יאהר 1912 האט מען שוין ערעפענט א אידישען הייל־אנשטאלט, די הערצל דיספענסערי. מיט א יאהר שפעטער איז ערעפענט געווארען דער מאונט סיני סאנאטאריום. דאן האט מען שוין אנגעהויבען טרוימען וועגען אן אלגעמיינעם אידישען האספיטאל. דער טרוים איז פארווירקליכט געווארען מיט יאהרען שפעטער, ווען ס'איז אויסגעבויט געווארען דער דזשענעראל און מאטוירניטי אידישער האספיטאל, אויף סט. קעטרין ראוד. דער „קענעדער אד־לער" האט אנגעפאנגען די באוועגונג פאר'ן האספיטאל. אלאן בראנפמאן איז דער ערשטער — און איצטיגער — פרעזידענט פון אט דעם אנשטאלט.

אין 1913 איז נאך אנגעגאנגען אן אינטענסיווע אידישע אימיגראציע פון רוסלאנד און רומעניע, אבער די אימיגראנטען זענען שוין ניט געווען קיין מאיאריטעט פון דער אידישער באפעלקערונג. די מערסטע אידען זענען שוין געווען „אויסגעגרינט". שוין געווען א היבש ביסעל אידישע סטודענטען אין אוניווערזיטעטען און א סך אידען האבען זיך אינטערעסירט מיט אלגעמיינער לאנד־פאליטיק.

די צאל פון אידישע סטודענטען איז שוין געווען אזוי גרויס, אז אין דעם אוניווערזיטעט פון קינגסטאן האט מען שוין געוואלט שאפען א געזעץ אויסצושלי־סען אידען. האבען אידען אויפגעהויבען א טומעל ניט בלויז אין מאנטרעאל, נאר איבער'ן גאנצען לאנד, און די דירעקטארען פון קאלעדזש האבען געענדערט זייער אנטיסעמיטישען „קלאוז". דאס איז געווען אין 1912.

אין דעם זעלביגען יאהר איז צום ערשטען מאל א איד, א. בלומענטאל, דער־ווילט געווארען פאר אלדערמאן אין מאנטרעאל. אבער ווען א צווייטער איד, מארקוס ספערבער, ק.ס., האט געמאכט א פארזוך אין דעם זעלביגען יאהר ערוויילט צו ווערען צום לעדזשיסלייטשור, איז איהם ניט געלונגען.

אין 1912 זענען ניט געווען גענוג אידישע וועהלער צו שיקען א אידען צום פראווינציעלען פארלאמענט, אבער מיט 4 יאהר שפעטער, זענען ווידער פאר־געקומען פראווינציעלע וואהלען און פיטער בערקאוויטש איז ערוועהלט גע־ווארען. מיט א יאהר שפעטער, אין 1917, איז ס. וו. דזשייקאבס ערוועהלט געווא־רען צום פעדעראלען פארלאמענט אין אטאווא.

די ראדיקאלען האבען זיך אויך געמישט אין פאליטיק. די בירגערליכע אידישע פאליטיקער זענען פון די ראדיקאלען שטארק באקעמפט געווארען.

אין יענער צייט האבען ראדיקאלען זיך ווייניג גערעכענט מיט די לויפענדיגע פראבלעמען פון שטאט, פראווינץ אדער לאנד. די דאזיגע פראבלעמען, האבען זיי געהאלטען, פארדינען ניט די פולע אויפמערקזאמקייט פון אינטעליגענטע, באוואוסטזיניגע מענשען אין א צייט ווען מען דערווארט ארייַנצוקומען אין די טויערען פון דער אידעאלער וועלט, נאך דער סאציאלער רעוואלוציע, וואו די איצטיגע פראבלעמען וועלען פון זיך אליין געלעזט ווערען.

די ראדיקאלען פלעגען אויסנוצען די וואהל־קאמפיינס צו אגיטירען פאר זייערע אידעאלען און צילען און אויפצוקלערען די ארבייטער ווי עס וועט אויס־זעהן דאס עקאנאמישע און געזעלשאפטליכע לעבען אויף מארגען נאך דער סאציאלער רעוואלוציע.

צווישען די ראדיקאלען איז אנגעגאנגען א ביטערע מחלוקת אויב די סאציאלע רעוואלוציע וועט אויך לעזען די אידישע גלות פראבלעמען. די אלגעמיינע סא־ציאליסטען האבען געהאלטען, אז יא. די פועלי־ציוניסטען האבען מיט זיי ניט איינגעשטימט. די סאציאלע רעוואלוציע, האבען זיי געגלויבט, וועט לעזען אלע פראבלעמען פון די ארבייטער, אבער ניט די פראבלעמען פון אידישען פאלק.

צוליב אט דער אקאדעמישער מחלוקת האט איינמאל געטראפען, אז אין א מוניציפאלען קאמפיין זענען געלאפען צוויי ראדיקאלע קאנדידאטען, יוסף שובערט פאר די אלגעמיינע סאציאליסטען און ח. מ. קייזערמאן פון די פועלי־ציוניסטען. האראלד לאסקי, וועלכער איז דאן געווען פארבונדען מיט'ן מעקגיל אוניווערזיטעט, האט גערעדט פאר קייזערמאנ'ען. פאר שובערט'ן האט גערעדט א בארימטער סאציאליסט פון ניו יארק, דזשייקאב פענקין.

אין 1912 האבען די ראדיקאלען זיך גראד פאראייניגט און צוזאמען ארויס־געגעבען די „פאלקס־צייטונג'' — א וואכענבלאט, געווידמעט ספעציעל די אינ־טערעסען פון די .ארבייטער.

ארום דער „פאלקס־צייטונג'' האבען זיך קאנצענטרירט די ראדיקאלע אינ־טעליגענטען פון יענער צייט. לעאן כאזאנאוויטש (כתריאל) איז געווען דער רעדאקטאר. צו לאנג האט אבער די „פאלקס־צייטונג'' ניט געקאנט עקזיסטירען. בלויז עטליכע חדשים האבען די ראדיקאלען פון די פארשיידענע ריכטונגען גע־קאנט זיין פאראייניגט.

די ניט־פארטייאישע אינטעליגענץ האט זיך קאנצענטרירט ארום ראובן ברייַנין, וועלכער האט סימבאליזירט און אין זיך פאראייניגט דעם העברעאיזם פון ווילנע און אדעס, און די מערב־קולטור פון וויען און פאריז.

ער האט ליב געהאט די פראגרעסיווע קעמפערישע יוגענד. עס איז איהם אבער ניט געווען צום הארצען דער טומעלדיגער קלאסענקאמף, וועלכען ראדי־קאלען האבען אנגעפיהרט אין יענער צייט.

ער האט געזוכט ראפינירטקייט און פיינע קולטור אפילו אין דער אנפירונג פון סטרייקס . . .

אין 1912, ווען ס'איז אנגעפירט געווארען א גענעראל־סטרייק פון שניידערס

איז אין „קענעדער אדלער" דערשינען אן „אפענער בריוו צום רעדאַקטאָר", מיט טענות צו ברייניני׳ען למאי ער שרייבט ווייניג אין זיינע עדיטאָריעלס וועגען סטרייק. דער בריוו איז געווען אונטערגעשריבען פון מ. שניאור, אַ וויכטיגער טוער ביי די פועלי־ציוניסטען אין יענער צייט.

בריינין האָט געענטפערט אין אַ לאַנגען עדיטאָריעל, אַז ער האַלט מיט די סטרייקערס, האָט באַרעכטיגט אין עדיטאָריעל זייערע פאָדערונגען, אָבער „איך בין דער גרעסטער געגנער פון דעם סיסטעם וואָס לערנט די אַרבייטער צו זידלען, צו שילטען, צו קנאה, שנאה און נקמה". ער האָט אויך געשריבען: „דאָרט וואו מען פאַרשפּרייט שנאה און קנאה קענען קיין איידעלע אידעאַלען, קיין פיינערע געפיהלען ניט אויפוואַקסען. אַן אַטמאָספערע וואָס איז פאַרגיפטעט מיט האַס, פיינדשאַפט, מיט זידלעריי און קללות, אין אַזאַ אַטמאָספערע מוז דער מענש פאַרקריפּעלט ווערען. ער מוז בלינד און טויב ווערען צו זעהן און צו הערען זיינע אייגענע אינטערעסען".

„איך האָב ליב די אידישע מאַסען ווי מיין בלוט און פלייש", האָט בריינין געשריבען אין זעלביגען עדיטאָריעל, „אָבער איך האָב ניט קיין האַס געגען די אַנדערע קלאַסען אין אידענטום. איך זעה איבעראַל ברידער, אידען און מענשען. צווישען אידישע קאַפּיטאַליסטען זענען פאַראַן אינטעליגענטע, מאָראַלישע, גוט־הערציגע, איידעלע און פיינע מענשען און אידען צוזאַמען".

בריינין איז געקומען קיין מאָנטרעאל ניט בלויז צו זיין אַ שרייבער און רעדאַקטאָר. ער איז אויך געווען אַ געזעלשאַפטליכער טוער און דערציהער. אין די געזעלשאַפטליכע קרייזען וואו ער האָט פאַרקערט האָט ער אריינגעבראַכט ראַפינירטקייט און וועלטליכקייט. ער איז געווען דער אַריסטאָקראַט אין אויסזעהן און אין באַנעהמונג.

עס האָבען אַרום איהם זיך קאָנצענטרירט ליבהאָבער פון שעהנער ליטעראַטור, העברעאיסטען און ציוניסטישע טרוימער.

אַרום בריינינ׳ען האָט זיך געשאַפען אַ קולטור־אַטמאָספערע, וואָס האָט געווירקט אויף גרעסערע שיכטען פון דער אידישער באַפעלקערונג אַ לאַנגע צייט.

דער קולטור־קרייז האָט זיך אויסגעברייטערט אין די שפּעטערדיגע יאָהרען, ווען בריינין האָט פאַרלאָזען דעם „קענעדער אדלער" און זיך אומגעקערט קיין ניו יאָרק. עס זיינען צוגעקומען יונגע דיכטער און פובליציסטען. דער דיכטער י. י. סיגאַל איז „ענטדעקט" געוואָרען אין יענער צייט. דאָס ערשטע בוך פון אידישער פּאָעזיע וואָס האָט זיך געדרוקט אין מאָנטרעאל איז געווען סיגאַל׳ס. זיין נאָמען איז שנעל באַוואוסט געוואָרען אין די ליטעראַרישע קרייזען פון ניו יאָרק און אין די אידיש־ליטעראַרישע קרייזען פון אַלע לענדער, וואו מען האָט זיין דיכטערישען טאַלאַנט שטאַרק אָפּגעשאַצט.

# דער וועלט-שטורם

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געשעהן פלוצים, אום־דערוואַרטעט.

מענשען האָבען אין יענער צייט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען אַז עס קאָן געשעהן אַזאַ זאַך ווי אַ וועלט-קריג.

די מענשען וועלכע זענען געווען פאַראינטערעסירט אין אייראָפּייאישער הויך־פּאָליטיק האָבען געוואוסט, אַז עס הערשט אַ שלעכטע אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע, אָבער מען האָט זיך ניט גערעכט, אַז עס האָלט אַזוי ווייט און אַז עס קאָן פוהרען צו אַ וועלט־שטורם וואָס וועט פאַרטרינקען אייראָפּע מיט בלוט.

נאָך די מלחמות וואָס די באַלקאַן־לענדער האָבען געפיהרט מיט טערקיי האָט מען געוואוסט אַז דער פּאָליטישער גלייכגעוויכט פון אייראָפּע איז צוזרו־דערט; אַז די גרויסמאַכטען זענען איינגעטיילט אין צוויי פיינדליכע לאַגערען וועלכע אינטריגירען איינע געגען די אַנדערע צוליב איינפלוס־מאַכט, קאָלאָניאַל־באַזיץ און וועלט־מערק.

די צוויי פיינדליכע פעלקער־לאַגערען, דייטשלאַנד, עסטרייך־אונגאַרן פון איין זייט, רוסלאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך פון דער צווייטער זייט, האָבען שוין מעהר ניט געקענט אויסגלייכען זייערע צווויסטיגקייטען, נאָר דורך אַ וועלט-קריג. דער סיגנאַל איז געגעבען געוואָרען אין סאַראַיעוואָ, בעת אַן עסטרייכישער קרוין־פּרינץ איז דערשאָסען געוואָרען.

די אידען פון אייראָפּע האָט דער ערשטער וועלט-קריג געבראַכט דעם גרעס־טען חורבן אין דער מאָדערנער אידישער געשיכטע. (מען האָט זיך נאָך דאַן נאַ־טירליך ניט פאַרגעשטעלט, אַז מיט יאָהרען שפּעטער וועט קומען דער נאַציזם און אַ צווייטער וועלט-קריג, וואָס וועט ברענגען די אייראָפּייאישע אידען אַזוינס וואָס איז טויזענטפאַך טראַגישער פון אַט דעם חורבן.)

אַמשטאַרקסטען האָבען פון דער מלחמה געליטען די אידען פון גרויס-רוסלאַנד.

די אידען פון רוסלאַנד — אין יענער צייט האָט עס אויך איינגעשלאָסען פוילען — האָבען טאַקע געליטען פון צאַרישען רעזשים, אָבער זיי האָבען געהאַט געפיהרט אַ געזונטען נאַציאָנאַל-קולטורעל לעבען וואָס האָט גייסטיג משפּיע גע־ווען כמעט אויף אַלע אידישע ישובים פון דער וועלט.

וואַרשע, ווילנע און אָדעס זענען אין יענער צייט, פאַר דער 1914 וועלט־מלחמה, געווען צענטערס פון אידישער און העברעאישער קולטור. אין ליטע זענען געווען די באַריהמטע ישיבות פון טעלז, וואָלאָזשין און סלאָבאָדקע, וועלכע האָבען צוגעשטעלט רבנים פאַר אידישע קהלות ניט בלויז פון רוסלאַנד, נאָר פאַר אַלע לענדער פון דער וועלט.

אין אלע גרעסערע און מיטעלע שטעט פון רוסלאַנד האָט מען אַנגעהויבען גרינדען העברעאישע גימנאַזיעס. עס איז געקומען אַן אויפשוואונג אין דער העברעאישער און אידישער ליטעראַטור. די אידישע פּרעסע האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט און פאַרצווייגט. אָט דער גאַנצער קולטור־אויפשוואונג איז צושטערט געוואָרען אין די בלוטיגע יאָהרען פון דער 1914 מלחמה.

אין די עטליכע יאָהרען פאַר דער 1914־מלחמה האָט די ציוניסטישע באַוועגונג געשאַפען א באַהעגנטע פאַרבינדונג צווישען די אידישע געמיינדעס פון אלע לענדער. דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז געוואָרען דער אומאָפיציעלער פאַרלאַמענט פון די נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקע אידען אין אַלע וועלט־טיילען. די גרויסע מלחמה האָט צושמעטערט אָט די פאָלקס־אחדות. די ציוניסטען פון וואַרשע, אָדעס און לאָנדאָן האָבען געמוזט איבעררייסען די באַציאונגען מיט די ציוניסטען פון בערלין, וויען און פּראַג.

די מלחמה האָט ממש צושפּאַלטען דאָס אידישע פאָלק. די אידישע סאָלדאַטען פון דער רוסישער אַרמיי האָבען באַדאַרפט שיסען אויף די אידישע סאָלדאַטען פון דער דייטשער אַרמיי. די אידען אין בריטישע יוניפאָרמען זענען געוואָרען שונאים פון די אידען וועלכע האָבען געדינט פראַנץ יאָזעפען, דער קייסער פון עסטרייך־אונגאַרן.

די מלחמה אין אייראָפּע האָט זיך אויך שטאַרק געפיהלט אין מאָנטרעאָל. קאַנאַדע איז אַריין אין דער קריג צו העלפען דער מוטערלאַנד.

באַלד ווי דער קריג האָט אויסגעבראָכען האָט מען דערפיהלט אין קאַנאַדע, אַז א גרויסער חורבן איז אַנגעשטאַנען אויף די אידישע קהלות פון אייראָפּע; מען האָט דערפיהלט, אַז דער קריג האַלט ביים פאַרניכטען א גרויסען און וויכטיגען טייל פון אידישען פאָלק.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און ס'האָבען אַנגעהויבען קומען אַלץ טראַגישערע ידיעות וועגען די רוסישע אידען.

עס איז געשעהן דאָס וואָס מען האָט געקאָנט ערוואַרטען פון דעם אַנטיסעמיטישען צאַרישען רעזשים.

רוסישע גענעראַלען האָבען פּראָקלאַמירט אַלע אידען פאַר שונאים פון לאַנד און זיי באַהאַנדעלט אָהן שום רחמנות אין די געגענדען וואו זייערע אַרמייען זענען אַריינגעקומען, אין זייער געלאָף אַלץ טיפער אין לאַנד, געיאָגט ווערענדיג פון די זיגרייכע דייטשען.

בלויז אין גאַליציע איז די רוסישע אַרמיי געגאַנגען א זיגרייכע פאַראויס. אויף די אַנדערע פראָנטען איז זי געלאָפען צוריק, און לויפענדיג צוריק האָט זי אויסגעלאָזט איהר מפלה'דיקען צאָרן צו אידען.

די אידען אין מאָנטרעאָל, ווי די אידען אין אַנדערע גרויסע צענטערס אויפ'ן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, האָבען געפיהלט, אַז זיי מוזען אונטערנעהמען א גרויסע הילפס־אַקציע לטובת די אידישע קרבנות פון דער מלחמה; אַז מען מוז זיך

אָרגאַניזירען אויף אַזאַ אופן, אַז מען זאָל קאָנען ברענגען די גרעסטע מאָס לינדע־רונג די ליידענדע אייראָפּייאישע אידען.

אין דעם ערשטען יאָהר האָט מען נאָך נישט געוואוסט וואָס צו טהאָן, ווי צו אָרגאַניזירען זיך פאַר דער גרויסער הילפס־ארבייט.

אַלע פאַרבינדונגען צווישען די אידען אויף'ן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט מיט די אידען פון מזרח־אייראָפּע זענען געווען איבערגעריסען.

קאַנאַדער אידען האָבען געפיהלט אַ צווייענדיגע פליכט: ערשטענס צו העל־פען דאָס לאַנד און צווייטענס, — צו העלפען די ליידענדע אידען פון אייראָפּע, די טראַגישע מלחמה־קרבנות.

מען האָט געפיהלט א שטאַרקען צאָרן און א שנאה צום צאַרישען רעזשים, אָבער די פאַטריאָטישע פליכטען צום לאַנד האָבען געפאָדערט, מען זאָל די דאָ־זיגע שנאה צייטווייליג פאַרשטיקען אין זיך.

אין קאַנאַדע האָט מען פראָקלאַמירט די לאָזונג, אַז דער ציל פון דער מלחמה איז „צו מאַכען די וועלט זיכער פאַר דעמאָקראַטיע”. אידען האָבען אויפגעכאַפּט אָט די לאָזונג און געהאָפט, אַז ווען דער קריג וועט געוואונען ווערען, ווען די וועלט וועט ווערען דעמאָקראַטיש, וועט דער צאַריזם אָדער פאַרשווינדען, אָדער ער וועט זיך רעפאָרמירען. די מעהרסטע אידען האָבען געהאָפט, אַז ער וועט זיך רעפאָרמי־רען; קיינער האָט ניט פאָראויסגעזעהן, אַז אין רוסלאַנד וועט זיין א רעוואָלוציע וואָס וועט דעם צאַריזם פאַרניכטען און אָפּווישען פון דער ערד. א רעוואָלוציע, האָט מען גערעכענט, קאָן טרעפען אין א לאַנד בלויז דאַן ווען די רעגירונג פאַרלירט א קריג, אָבער ניט ווען דער שונא פאַרלירט.

א דאַנק דער מלחמה האָט זיך דאָס אינערליכע לעבען אין קאַנאַדע פיל גע־ביטען. נייע אינדוסטריעס — פארן קריג — האָבען זיך געשאַפען. מענשען האָ־בען אָנגעהויבען ארבייטען מעהר, פאַרדינען מעהר. דאָס האָט געהאַט א ווירקונג אויך אויף דער אידישער גאַס. אין די שניידער־שעפער וועלכע זענען געלעגען כמעט דורכאויס אין אידישע הענט, האָט מען אָנגעהויבען ארבייטען יוניפאָרמען. נייע מענשען זענען אריינגעקומען אין די שניידער־שעפער. אנדערע האָבען איבער־געלאָזט די שניידער־שעפער און אוועק אין די אמוניציע־פאַבריקען וואו מען האָט אויסגעאַרבייט פאַרשידענע געוועהר — דער עיקר קוילען פאַר שווערע האַרמאַ־טען — אין דער מלחמה, צו פאַרטרייבען דעם קייזער און מאַכען די וועלט זיכער פאַר דעמאָקראַטיע.

# אין די יאָהרען פון שטורם

אין דעם ערשטען יאָהר פון דער 1914 מלחמה איז די אידישע געזעל־שאפטליכע אקטיוויטעט היבש פארשטארקט געווארען.

די מלחמה האט געווירקט, אז אפילו גלייכגילטיגע מענשען זאלען זיך אנ־הויבען אינטערעסירען מיט כלל־זאכען און זאלען זיך פיהלען אחריות׳דיג פאר־בונדען מיט די דראַמאַטישע פראָבלעמען פון דער גרויסער וועלט.

יעדען טאג זענען די צייטונגען ארויסגעקומען מיט גרויסע סענסאַציע־קעפּ וועגען די שטורמדיגע פאסירונגען אויף די מלחמה־פראנטען. צו די דאזיגע נייעסען האט קיינער ניט געקאנט בלייבען גלייכגילטיג.

דער „קענעדער אדלער״ האט אנגעהויבען ערשיינען צוויי מאָל א טאג און אלע נומערען זענען אויסגעכאַפּט געווארען. דער אידישער עולם האט זיך ניט גע־קאנט אנזעטיגען מיט די ידיעות פון די מלחמה־פראנטען. די דייטשע ארמייען זענען וואס ווייטער אריין טיף אין רוסלאנד, און די רוסישע ארמייען זענען אריין אין גאַליציע. אידישע שטעט און שטעטלאך פון פוילען, ליטע, ווייס־רוסלאנד, אוקראינע און גאַליציע האבען פארנומען א וויכטיגען ארט אין די מלחמה־ידיעות אין די צייטונגען. אידען וועלכע האבען געהאַט קרובים אין יענע שטעט און שטעט־לאך זענען ארומגעגאנגען דערשלאגען. די אימיגראציע האט זיך פאלשטענדיג אפּגעשטעלט.

אין מאנטרעאל האט זיך די מלחמה געלאזט שפירען זעהר שטאַרק. דאָס עקאָנאָמישע און אינדוסטריעלע לעבען האט זיך פאלשטענדיג געביטען.

אין די פארשטעט פון מאנטרעאל האט מען שנעל אויפגעשטעלט גרויסע פאַבריקען צו מאַכען אַמוניציע. עלטערע און מיטעליאהריגע מענשען זענען אוועק ארבייטען אין די פאַבריקען. די יוגענד איז געגאנגען אין דער ארמיי. אלע צייכענס פון ארבייטסלאזיגקייט זענען ממש ווי פארשוואונדען.

אין יענער צייט האט מען געזוכט ארבייטער פאר די אמוניציע־פאַבריקען אין וועלכע מען האט מעהרסטענס אויסגעארבייט „שעלס״ פאר גרויסע האַרמאַ־טען. מענשען האבען פארדינט א סך געלד. קליינע געשעפטען זענען געווארען גרויס. די גרויסע געשעפטען זענען געווארען נאך גרעסער. קליינע פירמעס האבען זיך פאראייניגט אין גרויסע קארפּאָריישאָנס.

אין די „אידישע״ פרנסות און מסחרים זענען אויך פארגעקומען וויכטיגע ענדערונגען. אין די יאָהרען פון קריג האט זיך דער אידישער מיטעל־קלאַס בא־דייטענד פארגרעסערט. מענשען פון מיטעל־קלאַס זענען אריבער צום רייכערען שיכט.

אין א צאָהל שניידער־שעפער האט מען געארבייט אויף מיליטערישע יוני־

פארמען. די ארבייט איז צוליב דעם פאראיינפאכט געווארען. פאר די קוואליפי־צירטע ארבייטער איז די לאגע געווארען שווערער.

אין קלאוקס־טרעיד האט זיך די לאגע פארערגערט. אין דעם פעריאד פון קריג האבען פרויען גענומען קליידען זיך איינפאכער. די חשיבות פון קוואליפי־צירטע קלאוקמאכער האט אנגעהויבען פאלען. שניידערס און קלאוקמאכער זענען געווען אומצופרידען. עס זענען פארגעקומען אפטע סטרייקס. אנהויב 1917, ווען אין אלע טרעידס האט מען געארבייט אינטענסיוו, האבען סיי די שניידערס, סיי די קלאוקמאכער אנגעפיהרט גענעראל־סטרייקס. די דאזיגע סטרייקס האבען אויפגעשטורעמט די אידישע גאס. איבערהויפט האט זיך גערודערט מיט דעם שניידער־סטרייק.

דער שניידער־סטרייק האט געדויערט צוויי חדשים. כמעט יעדען טאג האט מען זיך געשלאגען אויף די „פיקעט־ליינס". די עפענטליכע מיינונג איז געווען פיינדליך צו די סטרייקערס. די פאליציי און די ענגלישע צייטונגען, אויך די פראנ־צויזישע, האבען געהאלטען, אז ס'איז ניט פאטריאטיש צו סטרייקען אין צייט פון קריג. יוסף שלאסבערג, דער גענעראל־סעקרעטאר פון דער „אמאלגאמייטעד" איז ספעציעל געקומען פון ניו יארק אנצופיהרען דעם סטרייק. זיין הויפט־אויפגא־בע איז געווען אפצולייקענען באשולדיגונגען אין די ענגלישע צייטונגען אז דער סטרייק ווערט אנגעפיהרט פון אויסלענדער.

אידישע כלל־טוער האבען זיך געפיהלט זעהר אומבאקוועם צוליב'ן סטרייק. זיי האבען געפיהלט, אז דער פרעסטיזש פון דער אידישער באפעלקערונג ליידט צוליב איהם. ס. וו. דזשייקאבס, אנדערע אנגעזעהענע כלל־טוער און דער „קענעדער אדלער" האבען געמאכט אלע אנשטרענגונגען צו באווירקען די פאברי־קאנטען, אז זיי זאלען זיך פארשטענדיגען מיט דער יוניאן. עס האבען זיך אויך אריינגעמישט דער מעיאר פון שטאט און די מיטגלידער פון „באארד אוו קאנ־טראל". א קאמיטעט פון אידישע געשעפטסלייט האט זיך געגרינדעט צו העלפען די סטרייקערס.

דער סטרייק איז ענדליך געשליכטעט געווארען. די שניידערס האבען גע־וואונען דעם פרינציפ פון „קלאוזד שאפ" און א 49 שעה'דיגע ארבייטס־וואך, אנשטאט 50. מיט צוויי יאהר שפעטער, אין 1919, האבען די שניידערס געווא־נען א 44־שעה'דיגע ארבייטס־וואך א סך גרינגער ווי איין שטונדע אין 1917.

דער סטרייק פון די קלאוקמאכער האט זיך געשליכטעט א סך פריער דורך פארמיטלונג.ביידע צדדים האבען פארלוירען. נאך יענעם סטרייק האט זיך אנ־געהויבען א ירידה אין קלאוקס־טרעיד. די ירידה איז געקומען דער עיקר טאקע צוליב דער אויבענדערמאנטער אורזאך: פרויען האבען געקויפט ווייניגער גאנצע קאסטיומען („סוטס").

* * *

אין דער צייט ווען מלחמה־פראבלעמען האבען דאמינירט דאס געזעלשאפט־ליכע לעבען, זענען אינערליכע לאקאלע אנגעלעגענהייטען ניט פארנאכלעסיגט געווארען.

אין יענעם פעריאָד איז געווען קאַנטיק אַ שטאַרקע אויפלעבונג אויפ׳ן קול־טור־פראָנט.

די מלחמה האָט געווירקט, אַז די יוגענד זאָל זיך אינטערעסירען ווייניגער מיט ענגע־פּאַרטיי־אַנגעלעגענהייטען און מעהר מיט אַלגעמיינע איבער־פּאַרטיי־אישע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע ענינים.

אין 1915 איז דער גרויסער הומאָריסט שלום עליכם געקומען קיין מאָנט־רעאַל און זיין באזוך איז געווען אַ געשעהעניש און אַ געהויבענער קולטור־יום־טוב אין שטאָט. צו זיין פאַרלעזונג אין פרינצעס טעאַטער זענען געקומען אַ סך מעהר מענשען וויפיל דאָס טעאַטער האָט געקאָנט אריינגעהמען. אַ גרויסער עולם האָט איהם צוגעטיילט כבוד ביי אַ פאָלקס־באַנקעט.

די קלאַסען־ליניע צווישען „אַפּטאַן״ און „דאַנטאַן״ האָט אין אַ געוויסער מאָס צוטיילט די אידישע אינטעליגענץ. ווען י. ל. פּרץ איז געשטאָרבען זענען אין מאָנטרעאַל אָפּגעהאַלטען געוואָרען צוויי מעמאָריאַל־פאַרזאַמלונגען, איינע אין פרינץ־אַרטור האַל און די צווייטע אין באַראָן דע הירש אינסטיטוט.

די וויכטיגסטע קולטור־אינסטיטוציע אין יענער צייט איז געווען די אידישע פאָלקס־ביבליאָטעק וועלכע האָט זיך געגרינדעט אין 1914.

די אָנגעזעהענסטע פיגורען אין ביבליאָטעק זענען געווען: ראובן ברייניו און דר. יהודה קויפמאַן. זיי האָבען דאָ ביידע געהאַט אַ גרויסע השפעה אויפ׳ן אידישען קולטור־לעבען און טאַקע דערפאַר ווייל זייער באַציהונג צו קולטור איז געווען אַן איבער־פּאַרטייאישע.

דר. קויפמאַן האָט פאַרקערפּערט אין זיך די פאָלקסטימליכקייט פון חסידיזם, די ראָמאַנטיק פון העברעאיזם און די עטיק פון סאָציאַליזם. פון מאָנטרעאַל איז ער שפּעטער־צו אוועקגעפאָהרען קיין ארץ ישראל וואו ער פאַרנעהמט זיך מיט קולטור־פאָרשונג אויך איצט.

צווישען די טוער אין דער ביבליאָטעק אין דעם ברייניו־קויפמאַן פעריאָד זיינען געווען: ל. צוקער, יוסף איידעלבערג, אליהו גרינבערג, ס. בעלקין און ח. מ. קייזערמאַן. אַביסעל שפּעטער זיינען צוגעקומען: ס. קאַצמאַן, ס. טעמקין, נחום מייערסאָן, י. האַלפערן און ישראל ראַבינאָוויטש.

# אידישע סאָלדאַטען

אזוי גיך ווי מען האט אנגעהויבען רעקרוטירען וואלונטירען פאר דער קאנאדער ארמיי — אין הערבסט פון 1914 — האבען זיך באוויזען אין גאס אידישע יונגעלייט אין קאנאדער יוניפארמען.

אידישע יונגעלייט זענען געווען שטארק אומצופרידען וואס די צארישע רוסלאנד איז אז „עלאיי" פון ענגלאנד און קאנאדע. פונדעסטוועגען האבען זיי זיך אנגעשלאסען אין דער ארמיי. די ענגלישע רעגירונג, האבען זיי געהאפט, וועט שוין ווירקען אויפ'ן „צאר" אז די רוסישע אידען זאלען קריגען גלייכבארעכטיגונג און מען זאל זיי מעהר ניט רודפ'ן.

איינעגע כלל־טוער האבען אפילו פארמולירט א פלאן, אז מען זאל גרינדען א באזונדער אידישען רעגימענט. מען האט וועגען דעם א סך דעבאטירט. ס'איז אבער דערפון גארנישט געווארען.

אין „קענעדער אדלער" האט ראובן ברייניז געשריבען א לענגערען עדיטאריעל וועגען דעם דאזיגען פלאן. ער האט געווארענט, אז „ס'איז געפערליך צו מאכען שבת פאר זיך" און פארגעלעגט אז אידישע יונגעלייט זאלען זיך אנשליסען אן די עקזיסטירענדע אלגעמיינע רעגימענטען פון לאנד.

אידישע יונגעלייט האבען טאקע אזוי געטאן.

א יאהר שפעטער נאך דעם אויסברוך פון קריג, אין סעפטעמבער 1915, איז אין וואלקארטיע — דער מיליטערישער לאגער נעבען קוויבעק — שוין געווען א היבשע גרופע אידישע וואלונטירען. פון מאנטרעאל איז דאן ארויסגעפאהרען א אידישע דעלעגאציע — הרב צבי הכהן, ס. וו. דזשייקאבס און ה. וואלאפסקי, צו זעהן די אידישע סאלדאטען. זיי האבען דארט אפגעהאלטען א פארזאמלונג מיט די אידישע וואלונטירען, געדאווענט מיט זיי בצבור און אויסגעווירקט, אז מען זאל זיי באפרייען איבער די יום־טובים. ווען די מאנטרעאלער דעלעגאציע איז געווען אין וואלקארטיע איז שוין א גרופע אידישע סאלדאטען געווען אויפ'ן וועג צו ענגלאנד, מיט'ן 60־טען באטאליאן.

עס איז אבער געווען א פארלאנג, אז מען זאל יא גרינדען א ספעציעלע אידישע מיליטער־גרופע. אזא קאמפאניע האט זיך פארמירט אין *1916*. דער מיניסטער פאר פארטיידיגונג, האנ. סעם יוהז, האט אויטאריזירט דעם אידישען אפיצער, קעפטיין איזידאר פרידמאן, צו רעקרוטירען א ספעציעלע אידישע קאמפאניע צום 206־טען באטאליאן. אנדערע אפיצערען פון דער דאזיגער קאמפאניע זענען געווען די לויטענאנטען: הערבערט וויינבערג אלעקס סאלאמאן, טשארלס לעסער, סאל. רובין און אלבערט פרידמאן.

אין יוני 1916 איז אין באראן דע הירש פארגעקומען דער ערשטער רעקרו־

טינג־מיטינג פון דער אידישער מיליץ־קאמפאני. עס האט גערעדט לייאן קאהען, פיטער בערקאוויטש, קעפטיין איזידאר פרידמאן, לייטענאנט מארקוס ספערבער און אנדערע.

אין דער אידישער מיליץ־קאמפאניע האבען זיך „ענליסטעד״ 400 יונגעלייט. סוף 1917 איז די קאמפאניע אפגעשיקט געווארען קיין ענגלאנד. דארט האט מען זיי צוטיילט אין פארשיידענע „יוניטס״. די מעהרסטע האבען געדינט אויף די פראנצויזישע פראנטען. מען האט זיי געשיקט אויך צו גאליפאלי, מעסאפאטאמיע, סאלאניקי און עגיפטען.

אין צייטונגען האט מען אפט געלייענט וועגען קאנאדער אידען וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט אין קריג. צווישען די מאנטרעאלער אידען וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט איז קעפטיין וויליאם סעבאג־מאנטעפיארע. וועגען איהם האבען די צייטונגען דערצעהלט, אז ער אליין האט געפאנגען זיבען דייטשע אפיצערען. ער האט געדינט אין א בריטישען קאוואלעריע־יוניט וועלכער האט זיך באטייליגט אין דער אינוואזיע אויף ארץ ישראל.

# אידישע לעגיאָנערען

נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע — אין נאָוועמבער 1917 — האָט זיך אָנגעהויבען אין מאָנטרעאל די באַוועגונג צו גרינדען א אידישען לעגיאָן, וועלכער זאָל אונטער דער בריטישער פאָן קעמפען געגען די טערקען צו באַפרייען ארץ־ישראל פאַר׳ן אידישען פאָלק.

די אָרגאַניזירונג פון אידישען לעגיאָן איז געווען א גרויסע געשעהעניש אין דער אידישער ציוניסטישער פּאָליטיק נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע. מאָנטרעאל איז געווען דער צענטער פון אָט דער גרויסער געשעהעניש. קיין מאָנטרעאל זענען געקומען אידישע יונגעלייט פון פארשיידענע צענטרס פון די שטאַטען און קאַנאַדע צו דינען אין דעם אידישען לעגיאָן.

אין דעם ערשטען רוף צו דער יוגענד וואָס איז געווען געדרוקט אין „קענעדער אדלער״ איז צווישען אנדערעס געזאָגט געווען:

„די גרויסע צייט איז געקומען! נאָך טויזענטער יאָהרען פון פאַרפאָלגונגען און ערנידערונגען זענען מיר אנערקענט געוואָרען פאַר א נאַציאָן, פאַר א פאָלק מיט פעלקער גלייך.

„די גרויסע צייט האָט אויף אונז ארויפגעלעגט גרויסע פליכטען. מיט אונזער בלוט דאַרפען מיר פאַרהייליגען אונזער בונד מיט ענגלאַנד און מיט אַנדערע פעלקער וואָס האָבען אונז אנערקענט. דער אידישער לעגיאָן איז די ערשטע פאַרווירקליכונג פון דער גאולה. יונג און אַלט, שטעהט אויף צום קאַמף פאַר אַייער פאָלק! צו וואָפען! פאַר דער פרייהייט פון אייער פאָלק און לאַנד!״

דער אידישער לעגיאָן פאַר פּאַלעסטינע איז געווען א טייל פון דער בריטישער אַרמיי, ניט פון דער קאַנאַדער. אין מערץ 1918 האָבען די קאַנאַדער מיליטערישע אויטאָריטעטען דערלויבט קאַנאַדער יונגעלייט צו ענליסטען זיך אין דעם אידישען לעגיאָן. די ערשטע גרופּע איז מיט צוויי חדשים שפּעטער אַפּגעשיקט געוואָרען צום מיליטערישען לאַגער אין ווינדזאָר נ. ס., וואו די לעגיאָנערען זענען טרעינירט געוואָרען.

די ערשטע גרופּע לעגיאָנערען האָט זיך אָרגאַניזירט נאָך א פאַרזאַמלונג ביי די פּועלי־ציון ביי וועלכער דער גאַסט־רעדנער איז געווען יצחק בן־צבי וועלכער איז איצט דער פאָרזיצער פון ועד לאומי אין ארץ ישראל.

יצחק בן־צבי איז דאַן געווען באַוואוסט אין די קרייזען פון פּועלי־ציון אָבער אין די אנדערע קרייזען איז ער ניט געווען באַקאַנט. אפילו די פּועלי־ציוניסטען האָבען זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען אַז ער וועט אַמאָל שפּילען אַזאַ לייטענדע ראָלע אין ארץ ישראל.

בן־צבי איז געקומען אַהער כדי צו דינען אין לעגיאָן. פאַר זיין אפּפאָהר פון

דאַנען האָט מען פאַר איהם אראנזשירט אַן אָפּשיידס־אָוונט אין הויז פון א. פּרנס, וועלכער איז דאַן געווען פון די אַקטיווע חברים אין דער פּועלי־ציון אָר־גאַניזאַציע.

אויך דוד בן גוריון איז געקומען אין מאָנטרעאָל צו דינען אין דעם אידישען לעגיאָן. ער איז דאַן געווען אַן אַנגעזעהענער טוער ביי די פּועלי־ציון. אויך פאַר איהם האָט מען אראנזשירט א געזעגענונגס־אָוונד. חברים און חברות האָבען איהם באַגריסט, אָבער קיינער פון די באַגריסער האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטע־לען, אַז דער לעגיאָנער וועט זיין דער הויפּט פון דער ציוניסטישער אַגענטור און א קאַנדידאַט פאַר דעם ערשטען אידישען פּרעזידענט אָדער פּרעמיער פון א אידיש היימלאַנד.

עס זענען געווען אנדערע פּראָמינענטע אידען אין דעם לעגיאָן. עס איז דאַ אנגעקומען א ספּעציעלע רעקרוטינג־קאָמיסיע פאַר'ן לעגיאָן וואָס איז באַשטאַנען פון יוסף און משה ברייניו און פון גרשן אגראנסקי און לואיס פישער. זיי האָבען אָפּגעהאַלטען רעקרוטינג־פאַרזאַמלונגען בכדי אריינציהען נאָך יונגעלייט אין דעם לעגיאָן.

א וויכטיגע ראָלע אין דעם לעגיאָן האָט אויך געשפּילט בערנארד דזשאָזעף, וועלכער איז איצט אַן אַנגעזעהענע פיגור אין דער פיהרערשאַפט פון דער אידישער אַגענטור. בערנארד דזשאָזעף האָט א צייט אַנגעפיהרט מיט דער רעקרוטינג־ביו־ראָ אין מאָנטרעאָל. ער אליין איז אויך געווען א לעגיאָנער. איבער 50 מאָנטרע־אָלער יונגעלייט האָבען געדינט אין דעם אידישען לעגיאָן דורכמאַכענדיג אַלע עטאַפּען פון ווינדזאָר נ. ס. ביז די לאַגערען אין ארץ ישראל.

# רעליף־קאָמיטעטן

אין 1915 האבען מאנטרעאלער אידען זיך אנגעהויבען ארגאניזירען צו העלפען אידישע מלחמה־קרבנות אין אייראפא.

די מלחמה־ידיעות זענען געווען שלעכטע. די דייטשע ארמייען זענען געגאנ־גען פאראויס. אין רוסלאנד האבען די רוסישע גענעראלען געטריבען אידען פון די געגענדען וואו די פראנטען זיינען געווען. ווען די רוסישע ארמיי האט פארלוירען א שלאכט האט זי אויסגעלאזט איהר ביטער הארץ צו אידען. ווען זיי האבען געוואונען א שלאכט — אין גאליציע — האבען זיי אויך גע׳רודפ׳ט אידען.

אין מאנטרעאל, ווי אין אלע אנדערע שטעט פון אמעריקאנעם קאנטינענט, זענען אידען געווען גוואלדיג אויפגערעגט. 600,000 אידען האבען זיך געשלא־גען געגען די ארמייען פון „קאיזער״ צו העלפען מאכען די וועלט זיכער פאר דעמאקראטיע. אין דער זעלבער צייט האט מען פאגראמירט אידען אין רוסלאנד.

אידען האבען געשאלטען דעם צאר, אבער מען האט עס געמוזט טאן אין דער שטיל. שרייען אויפ׳ן קול האט מען ניט געקאנט. דער „צאר״ איז געווען אן „עלאי״. זיינע ארמייען האבען זיך אויך געשלאגען פאר דעמאקראטיע, געגען „קאיזעריזם״. מען האט געמוזט פארבייסען די ליפען און שווייגען. מען האט געהאפט — אפשר וועט דער „צאר״ זיך בייטען . . . אין די ניט־אידישע צייטונגען פלעגט מען שרייבען פריינדליכע ארטיקלען וועגען איהם. מען פלעגט איהם שילדערען פאר אן איידעלען גוט־הארציגען מענש, וועלכער האט ליב אלע זיינע אונטערטאנען. מען האט איהם אזוי ליב — פלעגען זיי דערצעהלען מיט באגייסטערונג — אז זיי, די אונטערטאנען רופען איהם „באטיושקא״ (פאטערל). זיי פלעגען אויך שרייבען ווארימע ארטיקלען וועגען ניקאלאי ניקאלאיעוויטש, דעם הויפט־קאמאנדיר פון דעם צאר׳ס ארמייען. זיי פלעגען אהים שילדערען פאר אן אויסגעצייכענטען סטראטעגיקער. אבער זיינע ארמייען זענען געלאפען אויף צוריק. און וואס מעהר זיי זענען געלאפען צוריק, אלץ מעהר אידישע קהילות זענען פאראומגליקט געווארען.

אין מאנטרעאל האט מען נאך ניט געוואוסט גענוי ווי מען קאן העלפען די מלחמה־קרבנות, אבער מען האט זיך אנגעהויבען ארגאניזירען פאר דעם דאזיגען צוועק.

די קלאסען־ליניעס זענען דאן געווען שארף. האט יעדע גרופע זיך ארגא־ניזירט באזונדער.

רעליגיעזע אידען האבען ארגאניזירט דעם „סענטראל רעליף קאמיטעט״, ראדיקאלען — דעם „פיפעלס רעליף קאמיטעט״ און די רייכע, די „אפטאונער״ — די „קענעדיען דזשואיש קאמיטע״.

אין הערבסט 1915 איז פון לארד ראטשילד און פון לארד סווייטלינג אנגעקומען דער ערשטער דירעקטער אפיל פאר די אידישע מלחמה־קרבנות. האט מען געשאפען 60 טויזענט דאלאר אין א גאר קורצער צייט.

אין פריהלינג 1915 האט מען אין פרינץ ארטור האל אפגעהאלטען א פאלקס־קאנפערענץ צו וועלכער עס זענען געקומען פארשטעהער פון 65 ארגאניזאציעס. דארט האט מען געגרינדעט דעם „פאלקס־פארבאנד״. ראובן בריינין איז ערוויילט געווארען פארזיצער און דר. יהודה קויפמאן — סעקרעטאר.

דער „פאלקס־פארבאנד״ האט ארייגגעשטעלט שווארצע רעליף־פושקעס אין אידישע היימען. יעדען זונטאג האט ער געשיקט בחורים און מיידלאך — פון א וואלונטירען רעליף ארמיי — פון הויז צו הויז אויפצוזאמלען די געלדער פון די שווארצע פושקעס. דער „פאלקס־פארבאנד״ האט אויך געטאן פאליטישע ארבייט. ער האט געשיקט א פעטיציע צו ענגלאנד, אז זי זאלווירקען אויף דער צארישער רוסלאנד זי זאל מאכען א סוף צו די רדיפות אויף רוסישע אידען.

דער „פאלקס פארבאנד״ האט זיך פארנומען צו ארגאניזירען אלע אידען פון קאנאדע אין א „ועד הקהילות״. אבער אין דער זעלביגער צייט האט די ציוניסטישע פעדעראציע באשלאסען צו רופען די „אידישע קאנפערענץ״ אויך מיט׳ן צוועק צו פאראייניגען קאנאדער אידען און — דער צווייטער ציל — צו פארמולירען אידישע פאדערונגען צו דער שלום־קאנפערענץ. האט זיך ענטוויקעלט א ביטערע מחלוקת. די „אידישע קאנפערענץ״ איז אפגעהאלטען געווארען אין נאוועמבער 1915. א דעלעגאציע פון „פאלקס פארבאנד״ איז צו איהר געקומען און די מחלוקת האט זיך געענדיגט. סוף 1916 האט דער „פאלקס פארבאנד״ זיך פארשטענדיגט מיט׳ן „סענטראל רעליף קאמיטעט״ און מיט דער „קענעדיען דזשואיש קאמיטע״ צו ארבייטען הארמאניש פאר רעליף־צוועקען.

* * *

אין דעצעמבער 1916 האט דער „סענטראל רעליף קאמיטעט״ אפגעהאלטען א גרויסען מאס־מיטינג אין מאנומענט נאשיאנאל טעאטער צו זאמלען רעליף פאר אידישע מלחמה־קרבנות. דער גאסט־רעדנער איז געווען רעוו. צבי הירש מאסליאנסקי פון ניו יארק וועלכער איז געווען מפורסם אין דער אידישער וועלט פאר דעם „מטיף לאומי״, וועמעס רעדען האט ממש געקאנט ריהרען שטיינערנע הערצער.

דאס טעאטער איז געווען געפאקט. עס האבען אויך גערעדט אייניגע אנדערע וויכטיגע רעדנער. צווישען זיי: הרב צבי הכהן, ראבבי דר. ה. אבראמאוויטש און לואי פיטש. אבער ס׳איז געווען רעוו. מאסליאנסקי, וועלכער האט צוריסען די הערצער און געמאכט מאנטרעאלער אידען צו וויינען הויך אויפ׳ן קול. ווען ער האט אנגעהויבען רעדען וועגען דער אידישער לאגע אין רוסלאנד איז געווארען א יללה אין טעאטער. עס האבען געוויינט יונג און אלט. דער „קענעדער אדלער״ האט אין זיין באריכט אויפ׳ן צווייטען טאג געשריבען:

„אלץ וואס האט זיך אנגעזאמעלט אין די הערצער פון מאנטרעאלער אידען

אין משך פון די צוויי און אַ האַלב יאָהר מלחמה האָט געפונען אַן אויסגאַנג נעכטען נאָכמיטאָג ביים רעליף מאַס־מיטינג אין מאַנומענט נאַשאַנאַל טעאַטער... ווען רעוו. מאַסליאַנסקי האָט אָנגעהויבען רעדען וועגען אידישע מלחמה־קרבנות האָט אויסגעבראָכען אַ יללה פון גאַנצען עולם. אַ יאָמער האָט זיך צוטראָגען איבער׳ן גאַנצען האַל. מענער און פרויען האָבען אָנגעשפאַרט זייערע קעפּ אויף די פאַרענטשעס פון די שטולען און געכליפּעט אויפ׳ן קול״.

רעוו. מאַסליאַנסקי האָט ניט גערעדט פון מיליאָנען אידען, וועלכע זענען אומגעקומען אין געז־קאַמערען. ער האָט ניט גערעדט פון גאַנצע אידישע קהילות, וועלכע זענען אָפּגעווישט געוואָרען. די אידישע טראַגעדיע איז דאַן געווען ווייט ...ר צווייטער וועלט־מלחמה. רעוו. מאַסליאַנסקי האָט ...ע פאַמיליעס אין ווילנע און אַנדערע שטעט, וועלכע זיצען שבעה נאָך זייערע ליבע און נאָענטע וואָס זענען אומגעקומען אין דער מלחמה. ער האָט גערעדט וועגען שוהלען אין יעקאַטערינאָסלאָוו און אַנדערע שטעט וועלכע זענען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין מיליטערישע לאַגערען, אָדער אין שטאַלען פאַר פערד. ווען די אַנוועזענדע האָבען געהערט וועגען אָט די טראַגישע פאַקטען האָבען זיי ניט געקאָנט קאָנטראָלירען זייערע עמאָציעס און ווען דער אָפּיל פאַר פאָנדען איז געמאַכט געוואָרען, האָבען פרויען אויסגעליידיגט זייערע „פּאָקעט־בוקס״, אריינגעוואָרפען אין די „העטס״ פון די געלד־זאַמלער וויפיל געלד זיי האָבען געהאַט. ווען אימיצער האָט געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז מען נעהמט אויך אַנדערע זאַכען וואָס איז ווערט געלד, ווי, למשל, צירונג, האָבען פרויען ארונטערגענומען די אוירינגלעך פון זייערע אויערען און געוואָרפען אין די היט. פרויען האָבען אויך געוואָרפען זייערע רינגלאַך און זייגערלאַך.

סוף 1916, ווען מאַנטרעאַלער אידען האָבען געוויינט אין מאַנומענט נאַשאַנאַל טעאַטער איבער די אידישע ליידען אין רוסלאַנד האָט מען זיך פאַרגעשטעלט אַז קיין ערגערע רדיפות אויף אידען ווי אונטער דעם צאַר׳ס רעזשים קאָן שוין ניט זיין. ס׳איז לײדער געווען אַ טראַגישער טעות.

אַ יאָהר שפּעטער, אין 1917 און אין 1918, נאָך דעם באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבען דער בירגער־קריג אין רוסלאַנד האָבען זיך אָנגעהויבען די גרויסע פּאָגראָמען און שחיטות אויף אידען, דער עיקר אין פּוילען און אוקראַינע אָנטקעגען וועלכע די פּאָגראָמען און רדיפות ביז 1916 זענען געווען אַ שפּילכעל.

# ציוניסטישע מלחמה-פּאָליטיק

ווען עס האָט אויסגעבראָכען די 1914־מלחמה איז צובראָכען געוואָרען דער ציוניסטישער וועלט-אַפּאַראַט. עס איז אַנגעשטאַנען אַ קריזיס אין פּאָליטישען ציוניזם.

פאַר די אידען אין די אַליאירטע לענדער איז דער קריזיס געווען ספּעציעל פאַרשאַרפט ווייל ארץ ישראל איז געווען אונטער טערקיי און די טערקען זענען גע־שטאַנען אין קריג אויף דער זייט פון דייטשלאַנד.

אין מאָנטרעאַל האָבען ציוניסטישע טוער, אין 1915, ענטוויקעלט דעם גע־דאַנק, אַז מען דאַרף בייטען די ציוניסטישע אָריענטאַציע; אַז אַנשטאָט צו האָ־פען אויף טערקיי זאָל מען זיך בעסער שטיצען אויף ענגלאַנד.

צו פאָרמולירען אָט די נייע אָריענטאַציע, האָט די ציוניסטישע פעדעראַציע באַשלאָסען צו רופען אַ קאָנפערענץ פון ציוניסטען און סתם-אידען. דער ציל פון דער קאָנפערענץ איז געווען צו פאַראייניגען די אידען פון גאַנצען לאַנד פאַר צוויי זאַכען, ערשטענס — צו מאַניפעסטירען לאָיאַליטעט צו קאַנאַדע און צו ענגלאַנד. צווייטענס — צו אויסדריקען דעם וואונש, אַז ענגלאַנד זאָל איבערנעהמען ארץ־ישראל פון די טערקען און געבען אַ מעגליכקייט צום אידישען פאָלק צו אויפבויען דאָרט אַ נאַציאָנאַלע אידישע היימלאַנד.

די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 15־טען נאָוועמבער 1915 אין גייעטי טעאַטער. דאָס איז געווען די ערשטע אַלגעמיינע גרויסע אסיפה פון קאַנאַדער אידען, פון ציוניסטען און ניט-ציוניסטען.

צוליב דעם וואָס די דאָזיגע קאָנפערענץ האָט געטראָגען אַ היסטאָרישען כאַ־ראַקטער — פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג — זענען געקומען צו איהר די וויכטיגסטע פיהרער פון די אַמעריקאַנער ציוניסטען — לואיס ד. בראַנדייס, דזשייקאָב דע האַז און יאַב. גאָלדבערג. אָבער דער וויכטיגסטער גאַסט איז געווען דר. שמריהו לעווין, אַ לייטענדע פיגור אין דער ציוניסטישער וועלט-פיהרערשאַפט.

דר. לעווין האָט געהאַלטען אַ רעדע אין העבּרעאיש און אויסגעדריקט באַ־גייסטערונג פאַר דער נייער ציוניסטישער אָריענטאַציע, וועלכע האָט זיך געשאַ־פען אין קאַנאַדע.

אַ וויכטיגער גאַסט ביי דער קאָנפערענץ איז געווען האָנאָרייבעל אַרטור מיהען, אַ מיטגליד פון פעדעראַלען קאַבינעט. ער האָט באַדאַנקט פאַר דעם אידי־שען צוטרוי צו ענגלאַנד און דערקלערט, אַז ווען די אַליאירטע וועלען געווינען דעם קריג וועט דאָס אידישע פאָלק זיכער באַהאַנדעלט ווערען מיט יושר און גערעכטיגקייט.

די וויכטיגסטע רעזאָלוציע וועלכע מען האָט אָנגענומען ביי דער דאָזיגער

קאנפערענץ איז צו פארלאנגען פון ענגלאנד, אז אויב זי וועט געווינען די מלחמה זאל זי העלפען די אידען אויפבויען א אידישע היימלאנד אין ארץ ישראל.

די פיהרער פון די אמעריקאנער ציוניסטען האבען אויסגעדריקט באגייסטע־רונג וואס צום ערשטען מאל ווערט ביי דער דאזיגער קאנפערענץ פארבונדען דער פאליטישער ציוניזם מיט ענגלאנד.

אין 1916 האט מען אויך אין די פאראייניגטע שטאטען אנגענומען די נייע ציוניסטישע אריענטאציע.

אין די שטאטען איז די שטימונג צווישען אידען, אין די ערשטע יאהרען פון קריג געווען אינגאנצען אנדערש ווי אין קאנאדע.

די אמעריקאנער אידען זענען געווען פארביטערט געגען צאר'ס אנטיסעמי־טישען רעזשים, אמעריקע איז געווען נייטראל. אמעריקאנער אידען זענען ניט גע־ווען פארפליכטעט — ווי די קאנאדער אידען — צו האלטען מיט ענגלאנד, אויב צו ענגלאנד'ס רוסישען שותף האבען זיי געפיהלט א שנאה. א ציוניסטישע פאלי־טיק וואס זאל זיך שטיצען אויף ענגלאנד האט זיך דאן ניט געקאנט ענטוויקלען אין די שטאטען, האט זיך עס אנגעהויבען אין קאנאדע.

אבער סוף 1916 האט זיך די לאגע געביטען. די דייטשע נצחונות האבען זיך אפגעשטעלט. דער דייטשער מיליטאריזם האט ארויסגעוויזען מורא'דיגע ברוטא־ליטעט. ווען די דייטשען האבען געזונקען די שיף „לוזיטאניא'' האט זיך אויפגע־לעבט א שנאה צו די דייטשען אין אזעלכע קרייזען וועלכע זענען פריהער געווען נייטראל אדער פריינדליך. די סימפאטיע צו ענגלאנד האט זיך פארשטארקט. אמעריקאנער ציוניסטען האבען אויך אנגעהויבען האפען אויף די ענגלענדער.

* * *

אין פריהלינג 1917 איז דער בריטישער אויסערן־מיניסטער, לארד באלפור, געקומען אויף א באזוך אין קאנאדע. ער האט אויך פארבראכט עטליכע טעג אין וואשינגטאן, ביי פרעזידענט ווילסאן.

ווען לארד באלפור איז געקומען קיין אטאווא האט ער געלאדען קלארענס־דע־סאלא ער זאל איהם קומען זעהן. דע־סאלא איז דאן געווען קראנק. די באגע־געניש איז דעריבער פארגעקומען ניט אין אטאווא, נור עטליכע טעג שפעטער אין וואשינגטאן.

פון וואשינגטאן איז דע־סאלא געקומען מיט א שמחה. באלפור האט איהם געזאגט, אז באלד וועט ענגלאנד פראקלאמירען עפענטליך א דעקלאראציע צום אידישען פאלק וועגען ארץ ישראל. דע־סאלא האט געזאגט, אז באלפור האט איהם געגעבען א „נוסח'' פון דער געפלאנטער דעקלאראציע.

די אפיציעלע באלפור־דעקלאראציע איז פראקלאמירט געווארען אין נא־וועמבער 1917. ציוניסטישע טוער אין מאנטרעאל האבען אין יענער צייט צווי־שען זיך גערעדט, אז די אפיציעלע דעקלאראציע איז פיל שוואכער ווי דער „אומ־אפיציעלער נוסח'' וואס דע־סאלא האט געקראגען פון באלפורן אין וואשינגטאן. מען האט געשמועסט, אז נאכדעם ווי באלפור האט זיך געזעהן מיט דע־סאלאן

האט ער זיך באראטען מיט פרעזידענט ווילסאן וועגן ארץ ישראל. פרעזידענט ווילסאן האט זיך באראטען מיט דריי אידישע גדולים, ראביי דר. סיירוס אדלער, דזשוליוס ראזענוואלד און בערנארד בארוך, אלע דריי ניט־ציוניסטען. צוליב דער באראטונג מיט זיי, האט מען געשמועסט אומאפיציעל, איז די אפיציעלע דעקלא־ראציע ארויסגעקומען שוואכער.

* * *

צווישען די מאנטרעאלער ציוניסטען האט זיך נאך דער באלפור־דעקלארא־ציע ענטוויקעלט א שטארקע אפאזיציע געגען קלארענס דע־סאלא.

דע־סאלא האט געהאלטען, אז די באלפור־דעקלאראציע האט געשליכטעט די פראבלעמען פון פאליטישען ציוניזם, אז פון איצט און ווייטער קאן מען שוין אלץ איבערלאזען צו ענגלאנד. די אפאזיציאנערען האבען געהאלטען, אז די פא־ליטישע ארבייט דארף זיך ערשט אנהויבען.

די איבגערע ציוניסטען זענען געווען שטארק ענטוישט פון דע־סאלא'ס שטע־לונג און איהם באשולדיגט, אז ער וויל „ליקווידירען" דעם פאליטישען ציוניזם. צווישען די אפאזיציאנערען זענען געווען: לואי פיטש, מייקעל גארבער, בנימין וויינער און בערנארד דזשאזעף.

אין 1919 איז אין טאראנטא פארגעקומען א ציוניסטישע קאנווענשאן. דארט האט די אפאזיציע געוואונען איהר קאמף געגען דע־סאלא'ן. דע־סאלא האט זיך צוריקגעצויגען און א. י. פרימאן פון אטאווא האט פארנומען זיין ארט.

צוזאמען מיט א. י. פרימאן איז אין דער פיהרערשאפט אריינגעקומען זיין פרוי, לילי פרימאן, די גרינדערין און פרעזידענטין פון הדסה.

מיט די פרימאנס האט זיך אנגעהויבען א נייע קאפיטעל אין דער געשיכטע פון קאנאדער ציוניזם.

די פרימאנס זענען געווען איינפאכע דעמאקראטישע מענשען. זיי זענען גלייכצייטיג געווען אנגענומען אין די רעגירונגס־קרייזען און פארבונדען מיט דער פאליטישער און פילאנטראפישער אריסטאקראטיע פון אטאווא.

מרס. פרימאן האט געשפילט א לייטענדע ראלע אויך אין רעליף־ארבייט.

דאס פרימאן־הויז אין אטאווא איז געווען די אכסניה וואו די גדולים פון דער ציוניסטישער באוועגונג פלעגען אפט קומען צוליב וויכטיגע ציוניסטישע אונטער־נעהמונגען אויף פארשיידענע געביטען.

אין אנפאנג האט א. י. פרימאן געצויגען א סך אויפמערקזאמקייט מיט די גרויסע ביישטייערונגען, וועלכע ער פלעגט געבען פאר ארץ ישראל.

פרימאן איז געווען פון די ערשטע גרעסטע ביישטייערער פאר ציוניסטישע פאנדען.

נאכהער, ווען מען האט איהם נעהענטער דערקענט, האט מען געזעהן אין איהם ניט בלויז א גרויסע געלד־פערזענליכקייט. מען האט איהם אויך אפגע־שאצט פאר א פיהרער, וואס גיט דעם ציוניזם הארץ, נשמה און איניציאטיווע פאר גרעסערע אונטערנעמונגען.

אונטער זיין פיהרערשאפט האבען קאנאדער אידען אנגעהויבען טאן גרויסע פראקטישע זאכען פאר ארץ ישראל.

אין דער זעלביגער צייט האט מרס. פרימאן אויסגעברייטערט די „הדסה"־באוועגונג איבער'ן לאנד. אויך די „הדסה" אונטער מרס. פרימאנ'ס פיהרערשאפט, האט געזאמעלט גרויסע פאנדען פאר פארשידענע אינסטיטוציעס אין ארץ ישראל.

אין דער ציוניסטישער וועלט־באוועגונג און אין ארץ ישראל זענען די פרימאנס געווארען באוואוסט, באליבט און געאכטעט. זיי האבען פיל אויפגעטאן צו דערנעהענטערען די אידען פון דער וייטער קאנאדע צום ישוב פון ארץ ישראל בעת דער ישוב האט זיך געהאלטען אין בויען.

## „ריעל־עסטייט"

אין די יאָהרען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה' צווישען 1914 און 1918, זענען פאָרגעקומען זעהר וויכטיגע ענדערונגען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון די אידען אין מאָנטרעאל.

אין דעם דאָזיגען פעריאָד האָט זיך אונזער שטאָט פיל פאַרגרעסערט. צוליב דער מלחמה האָבען זיך דאָ אויסגעבויט נייע פאַבריקען; צוליב די פאַבריקען זענען פון די אַרומיגע שטעטלאך און דערפער אריינגעקומען נייע מענשען. מען האָט אָנגעהויבען בויען נייע הייזער, אויסלייגען נייע גאַסען און עס זענען אויס־געוואַקסען נייע געגענדען.

ווען די שטאָט האָט זיך גענומען פאָנאַנדערוואַקסען איז געוואָרען אַ „בום" אויף „ריעל־עסטייט". מען האָט אַרויפגעשרויפט דעם פרייז פאַר „לאָטס" און הייזער.

אַ סך אידען האָבען דאַן גענומען האַנדלען מיט ריעל־עסטייט". מען האָט געקויפט הייזער, שנעל פאַרקויפט, איינגעהאַנדעלט אַנדערע און ווידער פאַרקויפט.

אין יענער צייט איז געווען לייכט צו קויפען אַ הויז און פאַרקויפען מיט פּראָפיט. אידען וועלכע האָבען פאַרמאָגט קליינע קאַפּיטאַלען, פון $1,000 אָדער $2,000, האָבען געקאָנט גרינג זיך נעמען צו ריעל־עסטייט. אידען וואָס האָבען ניט געהאַט קיין קאַפּיטאַל, זענען געוואָרען מעקלערס פון הייזער אָדער „קאָמישאַן־אַגענטען". עס זענען געווען מעקלערס וועלכע האָבען געהאַט אונטער זיך גאַנצע שטאַבען „סאַב־מעקלערס". זיין אַ סאַב־מעקלער האָט געקאָנט יעדער איינער, אפילו אַזאַ, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין שום ידיעה אין מסחר פון הייזער. ער האָט בלויז באַדאַרפט אָנווייזען אויף אַ אידען מיט אַביסעל געלט אין באַנק, גענוג איינצוצאָלען אויף אַ הויז. דער האַנדעל מיט הייזער איז דאַן געווען אַזוי גרויס, אַז אפילו „סאַב־מעקלערס" האָבען דערפון פאַרדינט אַ סך געלט.

אין יענעם פעריאָד האָט זיך די צאָל פון אידישע הויז־אייגענטימער און „לענדלאָרדס" אין מאָנטרעאל היבש פאַרגרעסערט. אייניגע אידישע בוי־אַרביי־טער אָדער טישלער זענען אין יענער צייט געוואָרען בוי־קאָנטראַקטאָרס און גע־בויט גרויסע קאָמערציעלע בנינים און רעזידענץ־הייזער.

צווישען די נייע געגענדען, וועלכע האָבען זיך דאַן געבויט אין שטאָט איז געווען דער פּאַפּינוֺ־געגענד.

דער אויפבוי פון דעם פּאַפּינוֺ־געגענד איז באַטראַכט געוואָרען ווי אַ דורכ־אויס אידישע אונטערנעמונג.

אידען, וועלכע האָבען געאַרבייט פאַר דער „סי. פּי. אַר.", ווייט פון שטאָט־

צענטער, אויך קליינע הענדלער, ווי פרוכט און דזשאנק פעדלערס, האבען גע־קויפט „לאטס" אין פאפיניו און דארט אליין, מיט זייערע אייגענע הענט, געבויט קליינע הייזקעס. די דאזיגע הייזקעס האבען אויסגעקוקט ווי די שטיבלאך אין די אמאליגע היימישע שטעטלאך פון רוסלאנד און רומעניע פון וואנען זיי זענען געקומען.

יעדען זונטאג פלעגען א סך אידען ארויספארען צום פאפיניו-געגענד פאר־ברענגען דעם טאג ביי א „פיקניק" אויף איינעם פון די ליידיגע פעלד-פלעצער, און זיך צוקוקען ווי אידען בויען זייערע אייגענע הייזקעס מיט אמת'ער באגייס־טערונג און ענטוזיאזם. די בעסטע בעל-מלאכות זענען געווען די „סי. פי. אר." ארבייטער. ביי זיי איז עס צוגעגאנגען שנעלער און סיסטעמאטישער. זיי האבען אויך געבויט שטאלען פאר קיה. דער געדאנק איז געווען, אז אין פאפיניו זאלען די אידען טרינקען מילך פון אייגענע קיה און עסען אייער פון אייגענע היהנער.

אין יענער צייט איז אנגעגאנגען אן אגיטאציע צווישען שניידערס און קלאוק־מאכער, אז זיי זאלען איבערלאזען זייערע שטאטישע היימען און זיך אריבער־קלייבען קיין פאפיניו און וואוינען אין זייערע אייגענע היימען און האדעווען זייערע קינדער מיט פרישע מילך און פרישע אייער יעדען טאג.

עס זענען געווען שניידערס, וועלכע האבען זיך אריבערגעקליבען קיין פאפיניו. אבער נים קיין סך. פאר די מערסטע שניידערס און קלאוקמאכער איז אזא איבער־בייט אנגעקומען צו שווער.

# איבערגאַנג

אין יענעם פעריאָד האָבען אַ סך שניידערס און קלאָוקמאַכער טאַקע געוואַלט פאַרלאָזען זייערע שעפּער. אין 1916 און 1917 זענען די באַציהונגען צווישען די שניידערס און די באַלעבאַטים געווען זעהר ניט קיין גוטע. אין 1917 זענען אַ סך שניידערס פאַראַרימט געוואָרען צוליב אַ פאַרביטערטען גענעראַל-סטרייק, וואָס האָט זיך געצויגען אַ שעהנע פּאָר וואָכען. די שניידער־פאַמיליעס האָבען געליטען אויסערגעוויינליכע נויט. אַ סך שניידערס האָבען דאַן אָנגעהויבען ערנסט טראַכטען צו אַנטלויפען פון זייער פאַך. אַ גרויסע צאָל איז אין יענער צייט אַוועק אַרבייטען אין די אַמוניציע־פאַבריקען, אָבער די הויפּט־אַמביציע איז געווען: אַ קליין געשעפטעל פאַר זיך אַליין, אַ גראָסערי, אַ קענדי־סטאָר, אָדער אַ „ניוס-סטענד", אָדער אַ „וואָלעט-סטאָר" צו פאַרריכטען און פּרעסען געניצטע קליידער.

אין יענער צייט האָבען אַ סך שניידערס און קלאָוקמאַכער זיך גענומען צו דעם דאָזיגען מין קליין־געשעפטען. אַ צאָל פון אָט־די קליינע געשעפטען זענען נאָכדעם געוואָרען גרויס. דער אידישער מיטעל־קלאַס איז אַזוי אַרום געוואָרען פאַרגרעסערט.

גאָר וויכטיגע ענדערונגען זענען דאָ אויך פאָרגעקומען אויפ'ן געזעלשאַפטליכען און קולטורעלען געביט.

אין די יאָהרען פון קריג האָבען אידען זיך מעהר אינטערעסירט מיט געזעלשאַפטליכע אַרבייטען, דער עיקר מיט נאַציאָנאַלע אידישע פראַגען.

יעדער איד האָט געפיהלט און באַנומען, אַז די מלחמה האָט געענדערט דעם גאַנצען אויסזעהן פון אייראָפּא און אינגאַנצען רעאָרגאַניזירט דאָס אידישע לעבען אויפ'ן אייראָפּייאישען קאָנטינענט.

אין 1917 און אין 1918 האָבען זיך פונדאַמענטאַל געביטען די גרעניצען פון לענדער אין מזרח־אייראָפּא. די דאָזיגע ענדערונגען האָבען פיל געווירקט אויף דעם פּאָליטישען, געזעלשאַפטליכען און קולטורעלען לעבען פון די אייראָפּייאישע אידען, איבערהויפּט ווען פוילען און ליטע זענען געוואָרען זעלבסטשטענדיג מיט שאַרף אָפּגעטיילטע גרעניצען. דאָס גרויסע רוסישע אידענטום מיט איהרע וויכטיגע קולטור־ און תורה־צענטערס איז צושפּאָלטען געוואָרען.

אין רוסלאַנד האָט זיך דאָס אידישע לעבען געביטען ניט בלויז מאַטעריעל, נאָר אויך גייסטיג און אידעאָלאָגיש. אָט די ענדערונג האָט געווירקט אויף אַ צאָל אידישע אָרגאַניזאַציעס אין מאָנטרעאַל, דער עיקר אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס און יוניאָנס. עס האָבען אָנגעהויבען פאָרקומען אידעאָלאָגישע דיספּיוטען און רייבונגען צווישען די מיטגלידער, וועלכע האָבען באַגריסט אָט די ענדערונגען און צווישען די וועלכע האָבען זיי באַדויערט, און באַטראַכט פאַר געפערליך.

אויפ׳ן קולטורעלן געביט האט די מלחמה געווירקט, אז נאציאנאלע מאטי־ווען זאלן פארנעהמען א גרעסערען ארט אין דער אידישער ליטעראטור. אין דעם אימיגראנטישען פעריאד האבען די קלאסען־מאטיווען פארנומען דעם אויבען־אן.

באלד ווי דער קריג האט זיך געענדיגט האבען אנגעהויבען אריינקומען פון איירא̈פא שרייבער, דיכטער, רבנים, קולטור־טוער, באוואוסטע פעדאגאגען און ארטיסטען. זייערע איינפלוסען האבען זיך באלד אנגעהויבען פיהלען. די אידישע צייטונגען זענען געווארען גרעסער און אינהאלטסרייכער. אין ניו יארק האבען זיך אנגעהויבען ארגאניזירען בוך־פארלאגען, וועלכע פלעגען ארויסגעבען א סך ביכער, בעלעטריסטיק, פאעזיע, היסטאריע, קולטור־פארשונג און נעא־חסידיזם. די דאזיגע ביכער האבען זיך פארקויפט אין די היגע 4 אידישע בוכהאנדלונגען אין אדישען געגענד אויף מיין סטריט.

* * *

דורך די יאהרען פון דער 1914 מלחמה איז פארגעקומען אן אויפשוואונג אויך אויפ׳ן געביט פון נאציאנאל־רעליגיעזער דערציאונג.

אין 1917 האבען זיך די תלמוד תורה׳ס פאראייניגט אונטער איין אדמי־ניסטראציע. סעמועל וויינער איז געווען דער ערשטער פרעזידענט פון די פאר־אייניגטע תלמוד תורה׳ס. אייזיק גאלד איז געווארען א וויכטיגער טוער אין ועד־החנוך און אויף זיין איניציאטיווע איז אין נארט־ענד געגריגדעט געווארען די ביאליק שולע, פון וועלכער י. ב. קאהען איז געווען פרינציפאל.

אין יענער צייט זיינען שוין געווען קלאסען צו לערנען גמרא. די ערשטע ישיבה אין מאנטרעאל האט זיך ערעפענט אין א הויז אין העברי דזשוליען, נעבען סט. לואיס פארק. ר׳ בונם יעלין איז געווען דער ראש ישיבה. פריהער האבען רעוו. ח. קרוגער און הרב י. מ. מרגליות געלערענט מיט אינגלאך גמרא אין דער בית יוסף ושמואל שוהל. צווישען די מעהר־באוואוסטע ת״ת לעהרער אין יענער צייט זיינען געווען: ה. לאזינסקי, מ. ראזאוויטש און מ. מגיד, דער איצטיגער ת״ת פרינציפאל.

דער אינטערעס אין אידישער דערציאונג איז געווארען אלץ שטארקער. עטליכע יאהר שפעטער איז ה. וואלאפסקי געווארען פרעזידענט פון „תלמוד תורה בנין פאנד״, צו בויען די נייע געביידע אויף סט. דזשאזעף בולווארד. די פינאנ־ציעלע פראבלעמען פון די ת״ת זיינען נאך אלץ געווען שווער. פון צייט צו צייט פלעגען לערער פראטעסטירען למאי זייערע שכירות ווערען ניט געצאהלט פינקטליך. די פינאנציעלע לאגע איז נארמאליזירט געווארען, ווען לאז. פיליפס, ק.ס., אייב בראנפמאן און בען ביוטעל, דער איצטיגער פרעזידענט, זיינען גע־ווארען אקטיוו אין די יעהרליכע געלט־זאמלונגען פאר די תלמוד תורה׳ס.

# דער אידישער קאָנגרעס

די ערשטע סעסיע פון קאנאדער אידישען קאנגרעס איז פארגעקומען אין מערץ 1919.

די באוועגונג פאר'ן קאנגרעס האט זיך אנגעהויבען נאך מיט עטליכע יאהר פריהער. עס האט אבער געדויערט א לאנגע צייט ביז מען האט געקאנט איבער־צייגען געוויסע שיכטען פון דער אידישער באפעלקערונג, אז עס איז נויטיג אזא ארגאניזאציע ווי א קאנגרעס וואס זאל פאראייניגען אלע שיכטען און שאטירונגען פון אידישען פאלק כדי אידישע פארשטעהער זאלען קאנען רעדען צו דער וועלט אין נאמען פון גאנצען פאלק.

די געגנער פון קאנגרעס־באוועגונג האבען גענוצט פארשידענע טענות.

רייכע אידען האבען געזאגט: א אידישער קאנגרעס וועט אויסגעטייטשט ווערען פון ניט־אידען, אז אידישע בירגער טיילען זיך אפ פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג, אז אידען בויען א שטאט אין א שטאט.

אלגעמיינע ציוניסטען האבען גע'טענה'ט: א אידישער קאנגרעס וועט איינשליסען אזעלכע גרופעס, וועלכע זיינען אנטי־ציוניסטיש, וועט עס אפשפיג־לען פאר דער וועלט, אז אידען זענען ניט פאראייניגט אין זייער פארלאנג וועגען א אידישע היימלאנד אין ארץ ישראל.

אלגעמיינע סאציאליסטען האבען אויסגעזעצט: א אידישער קאנגרעס וועט זיך פארנעהמען מיט ציוניזם און מיט אידישע כלל פאליטיק. זיי זענען ניט פאר־אינטערעסירט.. די אידישע פראגע, האבען זיי געזאגט, וועט געלעזט ווערען ווען דער אינטערנאציאנאלער ארבייטער פראבלעם וועט געלעזט ווערען.

די קאנגרעס־אנהענגער האבען געארבייט שווער צו ברעכען די געגנערשאפט. ענדליך האבען די געגנער זיך געבויגען. פאלגענדע אומשטענדען האבען געווירקט:

רייכע אידען האבען געמיינט, אז עס בייט זיך די וועלט. סאציאליסטישע און ארבייטער פארטייען זיגען אין אלע לענדער. מען מוז זיך צוזאמענקומען מיט די ארימערע שיכטען און טיילען מיט זיי די העגעמאניע איבער אידישער כלל־ארבייט.

אלגעמיינע ציוניסטען האבען איינגעזעהן, אז אנטי־ציוניסטישע גרופעס וועלען זיין ווייניגער שעדליך אינוועניג, אין א קאנגרעס, וואו מען וועט זיי אונטער־ווארפען א געוויסע מאס דיסציפלין איידער זיי זאלען בלייבען אומאפהענגיג אין דרויסען.

לינקע סאציאליסטען האבען געזעהן, אז מען קוילעט אידען אין פוילען און אוקראינע שוין נאך די גרויסע זיגען פון סאציאליסטען און ארבייטער־פארטייען. האבען זיי אנערקענט, אז עס עקזיסטירט יא א ספעציפישער אידישער פראבלעם, וואס איז ניט בלויז א טייל פון דעם אלגעמיינעם ארבייטער־קלאס פראבלעם.

די ערשטע סעסיע פון קאנגרעס האט זיך ערעפענט אין מאנומענט נאציאנאל טעאטער. די טריבונע איז געווען דעקארירט מיט אידישע פאנען. 10 רבנים זענען געזעסען אויף דער טריבונע. הרב צבי הכהן האט ערעפענט די זיצונג מיט א תפילה. לייאן קאהען האט באגריסט די 210 דעלעגאטען פון גאנצען לאנד און א סך געסט און אויסגעדריקט גרויס פרייד וואס צום ערשטען מאל פארזאמלען זיך אלע ריכטונגען און שאטירונגען פון פאלק וועגען אידישע נאציאנאלע אינטערעסען.

צווישען די רעדנער ביי דער ערשטער זיצונג זענען געווען: ראביי דר. ה. אבראמאוויטש, ראובן ברייניןן, קלארענס דע סאלא, פיטער בערקאוויטש און דר. ח. זשיטלאווסקי.

דער שטארקסטער מאמענט איז געווען בעת קלארענס דע סאלא האט אין זיין באגריסונג געזאגט, אז ער האט נאר וואס געקראגען א קייבעל פון „וויקטיגע קוואלען" אין לאנדאן, אז די בריטישע רעגירונג האט שוין אויסגעפארטיגט דעם פלאן פון א אידישער אומאפהענגיגער נאציאנאלער היימלאנד אין ארץ ישראל און דער גאנצער א"י ענין איז שוין אזוי גוט ווי געשליכטעט.

דר. זשיטלאווסקי האט אין זיין רעדע פארלאנגט, אז אין דער אידישער היימלאנד זאל אידיש קריגען דעם זעלבען סטאטוס וואס העברעאיש. וועגען ארץ ישראל גופא האט ער גערעדט מיט אזא אפטימיסטישען טאן, ווי ער וואלט געווען זיכער, אז עס געהער שוין צו אידען. מען דארף נאר באשליסען וועלכע שפראכען מען זאל דארט רעדען.

אויפ'ן צווייטען טאג זענען די דעלעגאטען געפארען צום סיטי האל. דארט האבען זיי געקראגען אן אפיציעלע אויפנאהמע פון דעם עקטינג-מעיאר, קאל. קרילמאן.

באגריסענדיג די דעלעגאטען אין נאמען פון שטאט האט קאל. קרילמאן געזאגט, אז די איינוואוינער פון מאנטרעאל זענען צופרידען וואס אידען קריגען די מעגליכקייט צו בויען אין ארץ ישראל א אידישע היימלאנד. דער סיטי האל איז צוליב דער דאזיגער אויפנאהמע געווען דעקארירט מיט א אידישער פאן.

די קאנגרעס-סעסיע האט אנגעהאלטען דריי טעג. די מערסטע רעדעס און רעפעראטען זענען געהאלטען געווארען אין אידיש. די פראטאקאלען זענען געפיהרט געווארען אין דריי שפראכען. עס איז געווען איין פראטאקאל-סקרעטאר פאר אידיש, ה. הערשמאן, א צווייטער פאר העברעאיש, בנימין וויינער און א דריטער פאר ענגליש, י. ווילדער. מאנטאג און דינסטאג זענען די זיצונגען אפגעהאלטען געווארען אין אודיטאריום האל.

די מערסטע רעפעראטען און פארהאנדלונגען האבען געהאט צו טאן מיט פארמולירען אידישע פארלאנגען צו דער שלום-קאנפערענץ אין ווערסאי. אויף א פארשלאג פון ה. וואלאפסקי האט די סעסיע אנגענומען א באשלוס צו שיקען א דעלעגאציע קיין פאריז, וועלכע זאל צוזאמען מיט אידישע דעלעגאציעס פון אנדערע לענדער צושטעלען די אידישע פארלאנגען צו דער שלום-קאנפערענץ.

די צוויי הויפּט־פּאַרלאַנגען צו דער שלום־קאָנפערענץ זענען געווען וועגן אַ אידישער היימלאַנד אין ארץ ישראל און וועגן פאַרזיכערען גלייכע רעכט פאַר אידען אין אַלע לענדער.

רעפעראַטען זענען געהאַלטען געוואָרען פון דר. ה. זשיטלאָווסקי און לואי פיטש וועגען ארץ ישראל; פון הרב כאַהאַנאָוויטש (וויניפּעג) וועגען אידישער אחדות; פון הרב י. גאָרדאָן (טאָראָנטאָ) וועגען אַ באַוועגונג פאַר אַ 5־טאָגיגער אַרבייטס־וואָך; פון ס. וו. דזשייקאָבס וועגען אימיגראַציע און פון ס. בעלקין וועגען נאַציאָנאַלע אידישע רעכט אין קאַנאַדע.

דער רעפעראַט פון הרב גאָרדאָן האָט אַרויסגערופען שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטען ביי די סאָציאַליסטישע דעלעגאַטען. דער רב איז מיט אַ 5־טאָגיגער אַרבייטס־וואָך אויסען געווען, אַז מען זאָל שבת רוען. פאַר די סאָציאַליסטען האָט עס האַרמאָנירט מיט דעם אַרבייטער־„טרוים" פון יענער צייט — אַ טרוים פון אַ 40־שעה׳איגער אַרבייטס־וואָך.

פאַר די הויפּט־באַאַמטע פון קאָנגרעס זענען ערוויילט געוואָרען: לייאָן קאָהען פּרעזידענט און ה. מ. קייזערמאַן גענעראַל סעקרעטאַר. אין די ערשטע יאָהרען האָט געהערשט אַ סך באַגייסטערונג און ענטוזיאַזם אַרום קאָנגרעס, אָבער נאָכהער האָט זיך עס אָפּגעקיהלט. די מערסטע דעלעגאַטען ביי דער ערשטער סעסיע זענען געווען אונטער׳ן איינדרוק, אַז דער קאָנגרעס איז נויטיג געווען בלויז אויסצואַרבייטען אידישע פאַרלאַנגען צו דער שלום קאָנפערענץ.

אַ משך פון יאָהרען איז דער קאָנגרעס געווען אינגאַנצען פּאַסיוו. אָבער די גאַנצע צייט איז דער גענעראַל־סעקרעטאַר, ה. מ. קייזערמאַן, געשטאַנען ביים רודער און געפיהרט די קאָנגרעס־שיף, אפילו ווען די שיף איז געווען לעדיג. פאַר אַ לאַנגע צייט האָט דער קאָנגרעס געהאַט בלויז איין שרייב־טיש אין אַ ווינקעל פון באַראָן דע הירש אינסטיטוט ביי וועלכען עס האָט שטענדיג געאַרבייט דער גענעראַל־סעקרעטאַר איבער די קאָנגרעס אַנגעלעגענהייטען, וועלכע זענען באַשטאַנען פון: אַכטונג געבען אויף אַנטיסעמיטישע אַרויסטריטען אין קאַנאַדע; ענטפערען פון צייט צו צייט דעם אָדער יענעם אַנטיסעמיט אין נאָמען פון אידישען כלל.

כאָטש דער קאָנגרעס איז געווען אַ קליינע אינסטיטוציע — אין פאַרגלייך צו היינט — האָט ער דאָך שטענדיג גענאָסען די אַנערקענונג פון דער רעגירונג און פון אַלגעמיינע קריסטליכע קערפּערשאַפטען פאַר דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אויטאָריזירט צו רעדען אין נאָמען פון קאַנאַדער אידענטום. דער קאָנגרעס איז שטענדיג געווען דער „אַדרעס" פון קאַנאַדער אידען. אין די יאָהרען פון אַקטיווען היטלעריזם האָט דער קאָנגרעס, מיט זיין שוואַכען אַפּאַראַט, אָנגעפיהרט א טיכטיגען באָיקאָט־קאַמפּיין געגען דייטשע סחורות און גלייכצייטיג דירעקטירט אַ פאַרטיידיגונגס־קאַמפּיין געגען אַנטיסעמיטישע קרייזען און גרופּעס אין קאַנאַדע.

אין דער צייט ווען היטלער איז געווען שטאַרק טעטיג אין אייראָפּא האָבען אידישע מאַסען אין קאַנאַדע געשאָנקען מעהר אויפמערקזאַמקייט צום קאָנגרעס.

מען האַט ווידער דערפֿיהלט די וויכטיגקייט פֿון אַט דער נאַציאָנאַלער אידישער קערפּערשאַפֿט.

דער קאַנאַדער אידישער קאָנגרעס האַט אנגעהויבען ווערען צוריק אַן אַקטיווע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע ווען סעמועל בראָנפֿמאַן האַט איבערגענומען די פֿירער־שאַפֿט און איז געוואָרען פּרעזידענט פֿון קאָנגרעס און נאָכהער, ווען סאָל העיז איז געוואָרען עקזעקוטיוו־דירעקטאָר.

## טרויער-פּאַראַד

דאָס יאָהר 1919 האָט זיך אָנגעהויבּען מיט דער שלום־קאָנפערענץ אין פּאַריז, מיט גרויסע האָפנונגען פאַר די שוואַכע און קליינע פעלקער. פאַר אידען אין פּוילען און אוקראַינע איז עס געווען א יאָהר פון בלוט און טרערען.

פּוילען איז פאַר אידען געוואָרען אַ לאַנד פון נויט, אָרימקייט און ביטערען אַנטיסעמיטיזם.

די נאַציאָנאַליסטישע פיהרער פון דער נייער פּוילען האָבּען ניט געוואָלט דערלאָזען, אַז אידען זאָלען פאַרנעמען אַן אָרט אויבּען־אָן אין דער פּוילישער ווירטשאַפט, דער עיקר אויף'ן געביט פון קאָמערץ און פינאַנץ. עס האָט זיך אין סאַמע אָנהויב צעבּושעוועט אַן עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטיסעמיטיזם, מיט פּאָגראָמען אויף אידען און מיט הויכע שטייערען אויף אידישע געשעפטען.

מאָנטרעאַלער אידען, וועלכע האָבּען געהאָט קרובים אין פּוילען זענען געווען שטאַרק באַזאָרגט. די אידען וועלכע האָבּען געשטאַמט פון רוסלאַנד האָבּען אויך געציטערט פאַר זייערע פאַמיליעס צוליב די פּאָגראָמען וואָס די אַנטי־סאָוועטישע באַנדעס האָבּען דורכגעפיהרט, דער עיקר אין אוקראַינע.

אין 1919 האָבּען מאָנטרעאַלער אידען א סך פּראָטעסטירט און געטרויערט.

אינ'ם מאָנטרעאַלער שטאָט־ראָט האָט דער אידישער אַלדערמאַן, לייאָן ו. דזשייקאָבּס אריינגעבּראַכט אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע געגען פּוילען, וועלכע איז איינשטימיג דורכגעגאַנגען.

אין פעדעראַלען פּאַרלאַמענט האָט דער אידישער דעפּוטאַט ס. ו. דזשייקאָבּס פאַרדאַמט די פּוילישע רעגירונג פאַר די פּאָגראָמען אויף אידען, און א קריסטליכער דעפּוטאַט האָט פאַרלאַנגט, אַז קאַנאַדע זאָל אָפּבּרעכען האַנדעלס־באַציאונגען מיט פּוילען. דער יוסטיץ־מיניסטער האָט דערקלערט, אַז מ'דאַרף זיך פאַרלאָזען אויף דער פעלקער־ליגע, אַז זי וועט באַשיצען די פּוילישע אידען.

אָבּער די פעלקער־ליגע האָט גאָרניט געטאָן. די פּוילישע רעגירונג פלעגט זיך פאַרענטפערען, אַז ניט אידען פאַרפאָלגט זי, נור באָלשעוויקעס.

אין ווילנע האָבּען די פּאָליאַקען דערשאָסען דעם אידישען שרייבּער א. ווייטער און געזאָגט, אַז ער איז געווען א באָלשעוויק.

זיי האָבּען דערשאָסען 33 ציוניסטען אין פּינסק — אין דעם זעלבּיגען טאָג ווען מען האָט זיי אַרעסטירט ביי א פאַרזאַמלונג. — די דאָזיגע ציוניסטען האָבּען זיי אויך דערקלערט פאַר באָלשעוויקעס.

א גרויסע טייל פון דער עפענטליכער מיינונג אין אַמעריקע און קאַנאַדע האָט געגלויבּט די פּאָליאַקען.

אין מאַי 1919 האָבּען מאָנטרעאַלער אידען פּראָטעסטירט און געוויינט ביי

א פראטעסט און טרויער מאס־מיטינג אין מאנומענט נאשיאנאל טעאטער וועגען די רדיפות אויף אידען אין פוילען.

ביים מאס־מיטינג האבען גערעדט: הרב צבי הכהן, לואי פיטש, ה. מ. קייזערמאן, ס. וו. דזשייקאבס און ה. באַרסקי.

די רעדנער האבען פארדאמט דער פוילישער רעגירונג למאי זי נוצט אויס די געוואונענע פוילישע פרייהייט צו פאגראמירען אידען און געווארענט די פוילישע הערשער, אז זיי וועלען פארלירען די הערשאפט איבער׳ן פוילישען פאלק אויב זיי וועלען אונטערדריקען די שוואכע מינאריטעטען אין זייער לאנד.

וועגען די פאגראמען אין אוקראינע איז אפילו ניט געווען געגען וועמען צו פראטעסטירען. די פאגראם־באנדעס האבען ניט געהאט קיין אפיציעלע פארבינדונגען מיט קאנאדע אדער ענגלאנד. וועגען זיי האט מען געקאנט בלויז וויינען און טרויערען.

אין נאוועמבער 1919 האבען מאנטרעאלער אידען דורכגעפיהרט א טרויער־מארש און דעמאנסטראציע איבער די גאסען פון שטאט. עס איז געווען דער גרעסטער טרויער־פאראד וואס איז ווען עס איז פארגעקומען אין מאנטרעאל.

30,000 אידען האבען זיך באטייליגט אין דאזיגען טרויער־מארש. אן ארקעסטער איז געגאנגען פאראויס און געשפילט טרויער און לויה־מאטיווען.

דער טרויער־מארש האט געמאכט א שטארקען רושם. פאראויס זענען געגאנגען די פארשטעהער פון אידישען קאנגרעס — לייאן קאהען ס. וו. דזשייקאבס, ה. מ. קייזערמאן און ה. וואלאפסקי. נאך זיי אלע רבנים פון שטאט.

הינטער די רבנים האבען מארשירט 5,000 אידישע סקוהל־קינדער, נאך זיי — אידישע סאלדאטען, די וועטעראנען פון דער מלחמה.

נאכדעם האבען מארשירט מיטגלידער פון יוניאנס, פון פראטערנאלע ארגאניזאציעס און סאסייעטיס און דערנאך — סתם אידען, מענער און פרויען. די מארשירענדע האבען געטראגען שווארצע לענטעס ארום זייערע ארעמס.

דער טרויער־מארש האט זיך געצויגען איבער די וויכטיגסטע גאסען פון שטאט. דער מארשרוט איז געווען פון מעין־סטריט נעבען דולוטה, ארונטער צו סט. דזשיימס סטריט, דורך סט. דזשיימס — פארביי דער „לא פרעס״ און די „סטאר״ און די גרויסע פינאנץ־אינסטיטוציעס — ביז אינספעקטאר סטריט. פון דארט צו קרעיג ביז ביוווער־האל היל, ארויף דעם בארג צו פיליפס־סקוועיר און צו סט. קעטרין סטריט. דורך סט. קעטרין צו מעין־סטריט — צום מאנומענט נאשיאנאל טעאטער. אין טעאטער האט זיך די דעמאנסטראציע געענדיגט מיט א גרויסען מאס־מיטינג.

ביים מאס־מיטינג האבען וויבער געוויינט הויך אויפ׳ן קול. מענער האבען געקלאגט אין דער שטיל. גערעדט האבען הרב צבי הכהן, לייאן קאהען, ס. וו. דזשייקאבס, לואי פיטש, ה. מ. קייזערמאן, ס. בעלקין און ה. באַרסקי. די רעדנער האבען אויפגעהויבען שטארקע טענות צו די פארשטעהער פון די גרויסמאכטען וועלכע ארבייטען אויפ׳ן וועלט־שלום אין ווערסאי און געווארענט, אז אויב זיי

וועלען איגנארירען די מאַסען־שחיטות אויף אידען, וועט דער שלום־בנין אויף וועלכען זיי הארעווען צוזאַמענברעכען און א צווייטע וועלט־מלחמה וועט קומען וואָס וועט זיין א סך שרעקליכער פון דער ערשטער.

די אַלגעמיינע פרעסע האָט זיך וועניג אינטערעסירט מיט די פּאָגראָמען אין פּוילען און אוקראינע.

וועגען אוקראינע האָט מען געשריבען, אז דאָרט געהט אַן א בירגער־קריג צווישען באָלשעוויקעס און „אַנטי ־ באָלשעוויסטישע אַרמייען". די אלגעמיינע סימפּאַטיע פון דער פּרעסע איז געווען ניט אויף דער זייט פון די באָלשעוויקעס.

וועגען פּוילען האָבען ניט־אידישע צייטונגען געשריבען אז עס איז א דעמאָ־קראַטיש לאַנד וואָס קעמפּט שטאַרק געגען באָלשעוויסטישע איינפלוסען. זיי פלעגען דרוקען אָפּט בריוו פון פּוילישע בירגער אין וועלכע מען פלעגט באַשולדיגען אַמעריקאַנער אידען אין אויסטראַכטען בלבולים אויף דער נייער פּוילען כדי צו דיסקרעדיטירען איהר אין די אויגען פון די מערב־לענדער. בלויז די אנערקענטע ליבעראַלע צייטונגען — זייער צאָהל איז געווען זעהר א קליינע — האָבען זיך איינגעשטעלט פאַר אידען.

אין מאָנטרעאַל זענען סיי די פּוילישע אידען, סיי די אוקראַינער געוואָרען אקטיוו אין זייער הילף צו די ליידענדע אידען אין פּולען און אוקראינע. זיי האָבען אָרגאַניזירט לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנדען וועלכע האָבען זיך פאַרנומען מיט רעליף־טעטיגקייט.

דער פאַרבאַנד פון אוקראַינער אידען האָט געזאַמעלט אַלטע קליידער און מעדיקאַמענטען און געשיקט א שליח קיין אוקראינע, ס. בעלקין, צו אָרגאַניזירען דאָרט די צוטיילונג פון די געשיקטע רעליף־טראַנספּאָרטען.

דאָס זאַמלען קליידער פאַר די אוקראַינער אידען איז געוואָרען אַ נאַציאָנאַלע אַרבייט פון דער אידישער באַפעלקערונג איבער'ן גאַנצען לאַנד. וועגען דער טראַגעדיע פון די אוקראַינער אידען האָט מען אין די אידישע צייטונגען דאַן געשריבען ווי וועגען „דריטען חורבן". מען האָט זיך דאַן ניט געקאָנט פאָר־שטעלען, אַז מיט אַרום 25 יאָהר שפּעטער וועט אין אייראָפּא פאָרקומען נאָך אַ פיל מורא'דיגער חורבן.

דער פאַרבאַנד פון פּוילישע אידען האָט זיך פאַרנומען אויך מיט פּאָליטישער אַרבייט. ער האָט זיך באַמיהט אויסאיבען א פּאָליטישען דרוק דורך דער קאַנאַדער רעגירונג, צו ווירקען אויף דער פּוילישער מלוכה אַז זי זאָל מילדערען איהר באַציאונג צו די פּוילישע אידען.

אין אוקראינע איז די לאַגע נאָרמאַליזירט געוואָרען ווען די סאָוועטישע מאַכט האָט אונטערדריקט אַלע פּאָגראָם־באַנדעס. דער פאַרבאַנד פון די אוקראַינער אידען האָט דאַן אָפּגעשטעלט זיין אַקטיוויטעט. אין דעם עקאָנאָמישען און סאָציאַלען לעבען פון די סאָוועטישע אידען זיינען דאַן געוואָרען פאַראינטערעסירט מערסטענס די ראַדיקאַלע אידען וועלכע זיינען געווען פּראָ־סאָוועטיש. זיי האָבען דאַן אָרגאַניזירט די „איקאָר" אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט

העלפען קאלאניזירען רוסישע אידען אויף לאנד. צווישען די ערשטע אקטיווע טוער פון „איקאר״ אין מאנטרעאל זענען געווען ישראל הירשביין און שלמה קאף. אין יענער צייט איז דער „אגרא־דזשאינט״ געווען שטארק אקטיוו צו העלפען באזעצען סאוועטישע אידען אויף ערד. אידישע קאלאניעס אין אוקראינע און אין קרים זענען ארגאניזירט געווארען מיט דער הילף פון אמעריקאנער און קאנאדער אידען.

## „גאולה" פאראד

אין יאהר 1919 האבען מאנטרעאלער אידען מארשירט אין די גאסען אין א טרויער־פאראד. א יאהר שפעטער, אין 1920, האבען מאנטרעאלער אידען דורכגעפיהרט א יום־טוב'דיגען „גאולה" פאראד.

אין 1920 איז די שטימונג געווען א סך בעסער ווי א יאהר פריהער. אין 1919, ווען יעדען טאג זענען אידישע צייטונגען געווען פול מיט טראגישע ידיעות וועגען פאגראמען אויף אידען אין אוקראינע.

אין 1920 האבען די פאגראמען זיך אפגעשטעלט. די סאוועטישע מאכט, אין איהר קאמף געגען די ווייס־גווארדייער, האט באזיגט די פאגראם־באנדעס און זיי אונטערדריקט. אין 1919 איז געהאנגען די געפאר, אז די פאגראם־באנדעס וועלען זיגען און דאן וואלט דאס רוסישע אידענטום דערטרונקען געווארען אין בלוט.

אין 1920 האט דער העכסטער ראט פון די גרויסמאכטען אין סאן־רעמא געשלאסען די שלום־טריטי מיט טערקיי. אין דער דאזיגער טריטי איז פארקערפערט געווארען די באלפור־דעקלאראציע וועגען א נאציאנאלע אידישע היימלאנד אין ארץ ישראל אונטער א בריטישען מאנדאט. דאס איז געווען די גרויסע היסטארישע געשעהעניש פון דעם יאהר. אין אלע גרעסערע צענטערס פון אמעריקע און קאנאדע האט מען די דאזיגע געשעהעניש געפייערט מיט גרויס אויפנזעהן און פרייד.

אין מאנטרעאל איז ארויס א ספעציעלער יום־טוב נומער „קענעדער אדלער", געדרוקט אין עטליכע קאלירען און ארויסגעלאזט א רוף צו אלע אידען ארויסצושטעלען אידישע און קאנאדישע פאנען פאר די הייזער און קראמען.

דינסטאג דער פערטער מאי איז פראקלאמירט געווארען פאר א יום־טוב. אידישע פאנען האבען געפלאטערט איבער די הייזער אין אלע גאסען פון אידישען געגענד.

א גרויסער „גאולה" פאראד איז דורכגעפיהרט געווארען — א פאראד מיט אויטאמאבילען.

דער פאראד, אין וועלכען עס האבען זיך באטייליגט 500 אויטאמאבילען, באצירט מיט אידישע און קאנאדער פאנען, האט זיך אנגעהויבען 7 אזייגער פארנאכט פון פלעטשערס פעלד, ארויף צו לאריע — צו מיין סטריט — ארונטער צו סט. קעטרין וועסט — צו גאי סטריט — ארויף צו שערברוק — צו פארק עוועניו — צו פרינץ ארטור סטריט — צו סט. אורביין סטריט און ארויף צו דער ארענא, אויף מאונט ראיאל צווישען קלארק און סט. אורביין.

אין דער ארענא האבען 10,000 אידען מיט באגייסטערונג אפלאדירט עטליכע רעדנער, וועלכע האבען מיט די שעהנסטע ווערטער געלויבט און געבענשט ענגלאנד פאר געבען א נאציאנאלען סטאטוס דעם אידישען פאלק און פאר מאכען

אַ סוף צום אידישען גלות. דער פּאַרזיצער איז געווען דר. פרידמאַן. לייאָן קאַהען האָט געדאַנקט ענגלאַנד אין נאָמען פון קאַנאַדער אידישען קאָנגרעס; לואי פיטש אין נאָמען פון דער ציון פעדעראַציע; ה. מ. קײזערמאַן און ס. בעלקין אין נאָמען פון די פועלי ציון. אַן אָרקעסטער האָט געשפּילט צווישען איין רעדע און דער צווייטער. אַ כאָר פון חזנים האָט געזונגען בציבור שירים, וועלכע סימבאַליזירען שיבת־ציון.

איידער די באַלפור־דעקלאַראַציע איז באַשטעטיגט געוואָרען אין סאַן־רעמאָ זענען די ידיעות פון ארץ ישראל ניט געווען גאָר קיין פרעהליכע. מען האָט געהערט פון אָפטע צוזאַמענשטויסען צווישען אַראַבער און אידישע קאָלאָניסטען. די אידען, האָט מען געהערט, קריגען ווייניג שוץ פון די בריטישע באַאַמטע און זיי אָרגאַניזירען זיך אליין פאַר זעלבסטשוץ. די בריטישע באַאַמטע ווילען עס ניט ליידען. דאָ און דאָרט אַרעסטירט מען אידען. מען האָט אַרעסטירט זשאַבאָטינסקי׳ן . . . אין די זעלביגע טעג ווען מען האָט אין סאַן־רעמאָ באַשטעטיגט די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט מען פאַר׳משפט זשאַבאָטינסקי׳ן צו 15 יאָהר פריזאָן. אין פילע שטעט פון אַמעריקע און ענגלאַנד — אויך אין מאָנטרעאַל — האָבען אידען פּראָטעסטירט. זשאַבאָטינסקי׳ס שטראָף איז רעדוצירט געוואָרען. אידען האָבען געהאָפט: די בריטישע שטרענגקייט איז בלויז צייטווייליג . . . עס וועט זיך באַלד אָנהויבען די נייע עפּאָכע, די עפּאָכע פון אידישער מלוכה׳שאַפט אין ארץ ישראל. אין דער לופט האָבען זיך געטראָגען קלאַנגען, אַז אין לאָנדאָן פּלאַנעוועט מען גרויסע זאַכען פאַר אידען — מען פּלאַנירט אַ אידישען גאָווערנאָר־דזשענעראַל, הערבערט סעמועל, אַ איד וואָס געהט אין שוהל אַלע שבת . . . אַ אידישער שני־למלך.

די אידישע צייטונגען האָבען אין יענע טעג, נאָך סאַן־רעמאָ, געבראַכט אַ סך „גאולה״־נייעס. מען האָט באַריכטעט וועגען ציוניסטישע פּאַראַדען אין אַלע גרעסערע צענטערס פון אַמעריקע. דער „קענעדער אדלער״ האָט אין יענע טעג געדרוקט אויף דער ערשטער זייט מיט גרויסע ווערטער אַ לאַנגע קייבעל פון ענגלאַנד אין וועלכער עס איז געשילדערט געוואָרען ווי דר. חיים ווייצמאַן און נחום סאָקאָלאָוו זענען מיט גרויס פּאַראַד, ווי „זיגרייכע שטאַטסלייט״ אויפגענומען געוואָרען אין לאָנדאָן בעת זיי האָבען זיך אומגעקערט פון סט. רעמאָ. אויך אין לאָנדאָן איז פאָרגעקומען אַ גרויסע „גאולה״־פייערונג און מאַקס נאָרדוי האָט מיט פּאַטאָס אויסגערופען: „ענגלאַנד האָט געטאָן איהר פליכט צו ארץ ישראל, איצט דאַרפען די אידען טאָן!״

אין יענער צייט האָט אויסגעזעהן, אַז מיט ענגלאַנד איז מען שוין אינגאַנצען פאַרטיג. נאָר מען דאַרף דורכקומען מיט געוויסע אידישע קרייזען — קרייזען פון עקסטרים רייכע אידען, וועלכע זענען אַסימילאַטאָריש און קרייזען פון לינקע אידען, וועלכע זענען אינטערנאַציאָנאַליסטיש — וועגען דער געגנערשאַפט פון אָט די קרייזען האָבען ציוניסטישע פיהרער געזאָרגט אין יענער צייט.

אין 1920 האָבען מאָנטרעאַלער אידען צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען געבען

גרויסע סומען געלט פאַר איבער־ים רעליף. מזרח־אייראָפּע האָט זיך געעפּענט פאַר אידישע רעליף־שלוחים און די אַפּילען פאַר הילף זענען געקומען פון אַ סך אידישע קהילות.

צום ערשטען מאָל האָט מען אין מאָנטרעאל פּראָקלאַמירט אַ מיליאָן דאָלאַר קאַמפּיין פאַר איבער־ים רעליף. דער קאַמפּיין האָט זיך ערעפענט מיט אַ גרויסען מאַס־מיטינג אין גייעטי טעאַטער.

צום דאָזיגען מאַס־מיטינג איז געקומען אַ גרויסער גאַסט פון ניו יאָרק — לואי מאַרשאַל. דאָן איז מאַרשאַל געווען דער אַנערקענטער פיהרער פון אַמעריקאַנער אידענטום, אַ לייטענדע פיגור צווישען די אידישע דעלעגאַטען וועלכע זענען געפאָרען צו דער שלום־קאָנפערענץ אין ווערסאַי. אַנדערע רעדנער ביים מאַס־מיטינג זענען געווען: לייאָן קאָהען, סיר מאָרטימער ב. דייוויס, מאַקסוועל גאָלדשטיין און מאַרקוס ספּערבער.

אינ׳ם דאָזיגען קאַמפּיין האָבען זיך באַטייליגט אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען פון דער אידישער מאָנטרעאָל. עס איז געווען אַ פאַראייניגונג פון „אַפּטאָון״ און „דאָנטאָון״.

דער ערשטער גרויסער קאַמפּיין איז געווען גוט אָרגאַניזירט. מיט וואָכען פריהער, איידער ער האָט זיך געעפּענט זענען פאָרגעקומען קאָנפערענצען און באַראַטונגען צווישען „אַפּטאָונער״ און „דאָונטאָונער״ ווי צו פאַרזיכערען אַז דער פולער מיליאָן דאָלאַר זאָל געזאַמעלט ווערען. עס איז אָבער געווען אַ שווערע זאַך. די פולע קוואָטע איז ניט געשאַפען געוואָרען צו דער באַשטימטער צייט. מען האָט דעם קאַמפּיין געמוזט פאַרלענגערען. עס איז אָבער געווען דער אָנפאַנג פון גרויסע געלד־זאַמלונגען.

אַ יאָהר שפּעטער — אין 1921, ביי אַ ציוניסטישער קאָנווענשאָן אין מאָנטרעאל, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אויך פּראָקלאַמירט אַ מיליאָן דאָלאַר קאַמפּיין — פאַר׳ן קרן היסוד. דזשיימס ראָטשילד איז געווען דער גאַסט ביי דער דאָזיגער קאָנווענשאָן. אין יענער יאָהר האָבען אידען אָנגעהויבען געבען גרויסע סומען אויך פאַר ארץ ישראל.

# די נייע אימיגראנטן

אין 1920 האבן ווידער אנגעהויבן אנקומען אידישע אימיגראנטן פון אייראפע קיין קאנאדע.

דאס זיינען געווען א היבש ביסעל אנדערע אימיגראנטן ווי די פריהערדיגע וואס פלעגן איינוואנדערן אהער פאר דער מלחמה.

א סך פון די דאזיגע אימיגראנטן זיינען געקומען צו זייערע פארמעגליכע קרובים. זיי האבן זיך אפגעגעבן מיט לייכטערע באשעפטיגונגען. א היבשע צאהל פון זיי איז באשטאנען פון „ווייסע קאלנער" ארבייטער.

יענע קאטעגאריע פון די נייע אימיגראנטן וועלכע האבן באשלאסען צו נעהמען זיך צו די קליידער־פאכן, האבן ניט באדארפט ארבייטן קיין לאנגע שטונדען אין די סוועט־שעפער. עס זיינען שוין קיין סוועט־שעפער דאן כמעט ווי ניט געווען.

אין די יאהרען פון דעם מלחמה־פעריאד האבן די שניידער און קלאוקמאכער יוניאנס אויסגעקעמפט בעסערע ארבייטס־באדינגונגען. אין 1919 האבן די שניידערס אנגעהויבן ארבייטן בלויז 44 שטונדען א וואך.

אין די עטליכע יאהר פאר 1920 האבן זיך אין „גארמענט צענטער" אויסגעבויט גרויסע מאדערנע צען־שטאקיגע געביידעס. אין זיי האבן זיך אריבערגעקליבן די מערסטע קליידער, קלאוקס און דרעס־שעפער. די דרעס־שעפער האבן זיך אנגעהויבן ענטוויקלען באלד נאך דער מלחמה.

אין יענער צייט האט זיך אויך אנגעהויבן ענטוויקלען דער פוטערוואַרג־פאך. אין די יאהרען פון קריג ווען א סך מעהר מענשען האבן גוט פארדינט, האבן גרויסע צאלן פרויען זיך אנגעהויבן קליידן אין פוטער־מאנטלען. אויך דער דאזיגער פאך האט זיך גענומען ענטוויקלען דורך אידען און איז געבליבן עד־היום א „אידישע" אינדוסטריע.

די נייע אימיגראנטן פון נאך דער מלחמה האבן זיך שנעלער „אויסגעגרינט" און זיך שנעלער אריינגעפאסט אין געזעלשאפטליכן לעבן. זיי האבן, אגב, שוין געפונען א בעסער־ארגאניזירטע געזעלשאפטליכקייט. אלץ איז שוין געווען איינגעשטעלט און איינגעארדענט.

אין מאנטרעאל זיינען שוין געווען גרויסע געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס, פילאנטראפישע, פאליטישע און קולטורעלע. זינט 1916 זיינען די מערסטע פילאנטראפישע ארגאניזאציעס געווען פאראייניגט אונטער דער אידישעד צדקה־פעדעראציע. עס איז דאן אויך געווען א גרויסע אידישע ביבליאטעק מיט א גרויסען קרייז פון אינטעליגענטען, שרייבער און דיכטער. די נאציאנאלע פארטייען זיינען געווען שטארק אקטיוו. מיט די נייע אימיגראנטן זיינען אהער

געקומען באַוואוסטע אידישע שרייבער, דיכטער, אַרטיסטען, רבנים, לומדים און אפילו חסידישע רביים. עס האָט געהערשט אינגאַנצען אַן אַנדער אטמאָספערע — ניט די וואָס האָט געהערשט פאַר 1914 ווען דאָס רוב אַנגעקומענע אימי־גראַנטען זיינען געווען אַרימע מענשען וועלכע זיינען געפאָהרען בלויז מיט׳ן ציל צו אַרבייטען און „מאַכען אַ לעבען״. אַ גרויסער טייל פון די נייע אימי־גראַנטען האָט פאַרלאָזען אייראָפּע כדי צו אַנטלויפען פון רעוואָלוציאָנערע און קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אומזיכערקייט, וואָס האָט דאַן געהערשט אין רוסלאַנד און צוליב דעם פּאָליטישען און עקאָנאָמישען אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט געבושעוועט אין פּוילען.

אין 1920, ווען עס האָט אָנגעהויבען שטראָמען אַ נייע אידישע אימיגראַציע קיין קאַנאַדע האָט זיך אָרגאַניזירט דער אידישער אימיגראַנטען הילפס־פאַראיין. די גרינדונג איז פאָרגעקומען ביי אַ קאָנפערענץ אין באָראָן דע הירש אינסטיטוט, גערופען אויף דער איניציאַטיווע פון אידישען קאָנגרעס, מיט דער קאָאָפּעראַציע פון די אייניגע לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנדען. די ערשטע באַאַמטע זיינען געווען: לואי פיטש, פּרעזידענט; ל. קאַוויענסקי, וויצע־פּרעזידענט; הרב צבי הכהן, טרעזשורער און ח. מ. קייזערמאַן, סעקרעטאַר.

# יתומים-אימיגראַנטען

אין 1920 האָט זיך אין מאָנטרעאל אנגעהויבען אַ באַוועגונג צו ברענגען אידישע יתומים־אימיגראַנטען פון אוקראינע, קינדער וועלכע האָבען פארלוירען זייערע עלטערען אין די בלוטיגע פאָגראָמען פון 1919.

מרס. לילי פרימאַן פון אָטאַוואַ, האָט זיך שטאַרק פאראינטערעסירט מיט דער דאָזיגער באַוועגונג. זי האָט צוזאַמענגערופען אַ קאָנפערענץ פון אידישע כלל־טוער אין אָטאַוואַ און דאָרט איז באַשלאָסען געוואָרען אַז מען זאָל ברענגען אַזוי־פיל יתומים וויפיל ס׳איז נאָר מעגליך.

מרס. פרימאַן האָט געמאַכט אַ נסיעה איבער אַ צאָהל שטעט פון קאַנאַדע און אומעדום אַפּעלירט פאַר די אוקראינער אידישע יתומים. אומעדום האָבען אי־דען זיך הארציג אָפּגערופען. מען האָט בייגעשטייערט געלד און מען האָט זיך אויך רעגיסטרירט פאַר „עלטערען״ צו אויפנעהמען און אדאָפּטירען יתומים־קינ־דער ווען זיי וועלען קומען.

אַ ספּעציעלער שליח — ה. הערשמאַן — איז געשיקט געוואָרען קיין אוק־ראינע בכדי צו אָרגאַניזירען דעם ענין און צוזאַמענקלייבען די קינדער. הערש־מאַן האָט צונויפגעקליבען 150 קינדער, פּאָגראָם־יתומים, און איז מיט זיי געקו־מען קיין אַנטווערפּען. מרס. פרימאַן איז ארויסגעפאָהרען קיין אַנטווערפּען באַ־געגענען די קינדער און זיי ברענגען קיין קאַנאַדע.

די דאָזיגע יתומים־קינדער זענען געווען פון די ערשטע נאָך־מלחמה אימי־גראַנטען. אַ „רעקאָרד״ פון זיי ווערט געהאַלטען עד היום. פאַראַן צווישען זיי איצט פאַרמעגליכע געשעפטסלייט און ערפאָלגרייכע פּראָפעסיאָנאַלען. אייניגע האָבען זיך גוט אויסגעצייכענט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה דינענדיג אין די באַוואָפענטע כוחות פון קאַנאַדע.

דאָס ברענגען אהער די יתומים פון אוקראינע איז געווען איינע פון די גרעס־טע רעליף־אַקציעס וואָס קאַנאַדער אידען האָבען דורכגעפיהרט נאָך דער 1914 מלחמה.

# שלום פון נעכטען

די נייע נאך־מלחמה אימיגראנטען האבען, ווי געזאגט, באגעגענט אין קא־נאדע נייע באדינגונגען, ניט די זעלביגע וועלכע האבען געהערשט פאר די אימי־גראנטען פון אמאל — פאר 1914.

מיט דעם סוף פון דער 1914 מלחמה, האט זיך געשלאסען א לאנג קאפי־טעל אידיש לעבען אין אייראפע. עס האט זיך געענדיגט דער „נעכטען"־קאפיטעל פון דער מאדערנער אידישער געשיכטע.

נאך דער 1914 מלחמה האט זיך אנגעהויבען א נייער קאפיטעל. דאס קא־פיטעל האט זיך פאר די אייראפייאישע אידען אנגעהויבען מיט א סך האפנונגען און דערוואַרטונגען. עס האט זיך געענדיגט מיט דעם טראגיסשסטען חורבן אין דער אידישער געשיכטע. עס איז געווען א קורצער קאפיטעל און זעהר א בלוטיגער.

אין די ערשטע יאהרען נאך דער 1914 מלחמה האט אויסגעזעהן, אז עס בויט זיך אויף א מעהר יושר׳דיגע און גערעכטע וועלט אין וועלכער אידען וועלען באהאנדעלט ווערען ווי גלייכע בירגער אין אלע לענדער פון אייראפא און אז גלייכצייטיג וועט אנגעהן אונגעשטערט א מעסיגער שטראם פון אימיגראציע נאך ארץ ישראל צו בויען לאנגזאם אבער זיכער א נאציאנאלע אידישע היימלאנד.

די דאזיגע אויסזיכטען זענען געווען באזירט אויף דער שטארקייט וואס סאציאליסטען און ליבעראלען האבען ארויסגעוויזען אין יענער צייט.

אבער סאציאליסטען און ליבעראלען זענען ביסלאכווייז אוועקגשטופט גע־ווארען פון זייערע איינפלוס־פאזיציעס אין די אייראפייאישע רעגירונגען. רעאק־ציאנערען און געוויסענלאזע שטאטסלייט האבען פארנומען זייערע ערטער. פאר די אידען פון אייראפא איז די לופט געווארען אלץ שווערער און שווערער. מיט דעם אנקום פון נאציזם איז דער אידישער שיקזאל אין אייראפא געווארען פארזיגעלט.

אין דער זעלביגער צייט האט זיך פאר די אידען פון אמעריקע און קאנאדע אויפגעמישט א קאפיטעל פון אויפלעבונג און אויפשוואונג אויף אלע געביטען.

אויף דעם אמעריקאנעם קאנטינענט האט זיך געראטעוועט א גרויסער טייל פון דער אידישקייט אין אייראפא.

עס האבען זיך אויפגעבויט גרויסע אידישע קהלות אויף דעם אמעריקאנעם קאנטינענט וועלכע זענען ממשיך די אונטערגעגאנגענע אידישע קהלות פון אייראפע.

מאנטרעאל איז איינע פון די גרויסע אויפגעקומענע אידישע קהלות אויף דעם צפון־אמעריקאנעם קאנטינענט.

דעם יסוד פאר דער גרויסער בליהענדער אידישער קהילה פון מאנטרעאל,

די קהילה מיט אזוי פיל גרויסע אידישע קולטורעלע און פילאנטראפישע אינ־סטיטוציעס, האבען געלעגט די פיאנערען פון „נעכטען״.

עס זענען געווען די אימיגראנטישע אידען פון פאר דער 1914 פעריאדע וועלכע האבען פאראנדערגעאקערט דאס קאנאדער פעלד, איהם פארזייט כדי עס זאל אויסוואקסען און אויפבליהען א נייע אידיש־לעבען און א וויכטיגע אידישע קהלה. די פיאנערען פון „נעכטען״ זענען די ערשטע בויער פון אידישען לעבען אין קאנאדע.